מ. בלאָשטיין

# די יידישע טאָגשול און די ישיבה קטנה

סעפּאַראַט-אָפּדרוק פון בוך
„אַ לערער רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן"



אַטלאַנטאַ, דזשאָרדזשיאַ.

גערדרוקט אין מעקסיקע, 1959.

אויב איר ווילט קריגן דאָס גאַנצע בוך פון מ. בלאָשטיין
א. נ. „אַ לערער רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן” (690 זייטן)

שרייבט צו:

**M. FERDMAN**
Amsterdam 180-502 México 11, D. F.

אָדער צום מחבר:

**Mr. M. BLUSTEIN**
c/o Rabbi Jaakov Rosenberg
~~519 — S. W. — 26 Road~~ 519 S.W. 25th ROAD
Miami 45, Fla. U. S. A. MIAMI 36, F

# איך דערמאָן אין קדושה...

...איך זע זיי נאָך היינט פאַר מיינע אויגן; איך זע זיי נאָך היינט אָט די האָרעפּאַשנע אַרבעטער־רינגניקעס, דערשעפּטע, טויט־מידע פון לאַנגע טעג פּראַצעווען; איך זע זיי נאָך היינט אין מיין דמיון, ווי זיי ראַנגלען זיך מיטן שלאָף, וואָס נאָר זייער אידעאַליזם און התלהבות העלפט זיי אים צו פאַרטרייבן פון זיך, איך זע זיי פאַר מיינע אויגן אין די שפּעטע אָוונטן ביי שול־פאַרוואַלטונג־זיצונגען; איך זע זיי פאַרכאַפּט אויסהערנדיק באַריכטן פון לערער, ביים חתמענען הלוואות, אויסבאַרגנדיק מזומנים, בעת אַליין האָבן אַ סך פון זיי נישט געוווּסט, ווי זיי וועלן עס דעקן די הלוואות, צי די מזומנים, וואָס זיי באַרגן אויס; איך זע זיי נעמענדיק אויף זיך שווערע אַרבעטן, בעת אַליין קומט זיי זייער קאַמף פאַר עקזיסטענץ אַזוי שווער און ביטער אָן, בעת אַליין שלאָגן זיי זיך אַרויס פון די כוחות אין זייער טאָג־טעגלעכער אַרבעט אין וואַרשטאַט, צי אין קרעמל, צי שלעפּנדיק זיך פון גאַס צו גאַס, קלאַפּנדיק אין די טירן, אָנצובאָטן געוויסע סחורות.

און... דאָ קומט אַ שול־יאַריד (באַזאַר), אַ שול־אַרויספאָר (פּיקניק); חוץ דעם דאַרף מען זאַמלען שכר לימוד, דאַרף מען אַרומפאָרן אין שול־אַמניבוס ברענגען די קינדער אין שול אַריין, און זיי צוריקפירן אין די היימען; דאַרף מען זיך אָוועקשטעלן וואו אין אַ ווינקל־גאַס, אָפטמאָל אין אַ קאַלטן טאָג, אין אַ רעגן, פאַרקויפן געניצטע קליידער, כדי צו שאַפן מיטלען אויפצוהאַלטן די שול; און... אַרומצוגיין איבער די גאַסן, פון שטוב צו שטוב, אַפּעלירן צו עלטערן, זיי זאָלן ניט פאַרנאַכלעסיקן די יידישע דערציאונג פאַר זייערע קינדער, — איז אַ קלייניקייט? אפילו אָט די הייליקע אַרבעט איז ניט גרינג אָנגעקומען; ניט איין מאָל איז זי פאַרבונדן געווען מיט שפיכת דמים, ניט איין מאָל האָט מען פאַרלאָזן אַזאַ יידישע היים אין טיפן צער, און מיט טיפן ווייטיק אין האַרצן.

...און אָט זע איך זיי, אָט די דאָזיקע קעמפער און בויער פון יידישן שול־וועזן דאָ אין אַמעריקע, — באַגייסטערטע, פול מיט טיפן גלויבן, אויפ־געשטורעמטע פון העכסטער פרייד ביי אַ קינדער־אונטערנעמונג, איך זע אין מיין דמיון נאָך היינט זייערע צעפלאַמטע, צעשטראַלטע פנימער, דעם חסידישן ברען, דעם אויפגעטויכטן אין זיי.

איך זע זיי און איך הער... איך הער, און וועל ביזן לעצטן אָטעם מיינעם זען און הערן דעם ענטפער אויף אַ באַמערקונג פון אַ ניט געווענג באַוואוסטזיניקן פאָטער, אַז „וואָס קאַכט מען זיך דאָ אַזוי, איז דאָך די שול סוף כל סוף ניט אייער פערזענלעכער ענין, ניט אייער לעבן!". „וואָס דען? — איז געווען דער ענטפער — פאַרריכטן זייגערלעך, צי פאַרקויפן פאַר־זיכערונג איז מיין לעבן? דאָ לעב איך: מיין פאָלק, מיין אידעאַל פון אַ וועלט פון פאָליטישער און עקאָנאָמישער דעמאָקראַטיע, אונדזער יידישע קולטור, די אוצרות אונדזערע פאַר טויזנטער יאָרן, דאָס יידישע קינד, יידישע דער־ציאונג, — דאָס איז מיין לעבן. זייגערלעך פאַרריכט איך און פאַרזיכערונג פאַרקויף איך, כדי צו האָבן חיונה, פון וואָס צו לעבן; אָבער ווי צו לעבן, ווי צו

שטייגן, ווי אויפצואוועקן אין זיך דאָס אייביק־ליכטיק־הערלעך־מענטשלעכע לערן איך זיך דאָ, אין און אַרום דער שול; דאָס איז דער זין אין מיין לעבן, דאָס איז די פרייד אין מיין לעבן, דאָ לעב איך, און... זוך צו באַ־פליגלען אונדזערע קינדער, זיי זאָלן — אויף זייער אופן — געפינען אָט דעם דאָזיקן זוניקן וועג צו הימל אין לעבן".

...מיר האָבן נאָך היינט אין זיך אונדזער טיפן גלויבן, אַז יידישע דער־ציאונג פאַרן יידישן קינד איז דער הערלעכסטער גייסטיקער וויטאַמין, איז די מזוזה אין האַרצן פון אַ קינד. מיר האָבן נאָך היינט אָט דעם טיפן גלויבן, כאָטש מיר האָבן נישט דערגרייכט די צילן, וואָס מיר האָבן זיך געשטעלט אין בראשית פון אונדזער שול־וועזן דאָ אין אַמעריקע. אויב די נאָכמיטאָג־שול, די האַלבע שול, די שול אויף געציילטע שעהן אין וואָך, האָט אונדז ניט געבראַכט דאָס, וואָס מיר האָבן געהאָפט, אַז זי וועט אונדז ברענגען, — האָט די דאָזיקע שול היסטאָריש זיך באַרעכטיקט, מחמת זי האָט אונדז דערפירט צו דער טאָג־שול, צו דער ישיבה־קטנה, אין וועלכער אונדזערע יידישע קינדער ווערן באַהויכט מיטן גייסט און מיטן ליכט, וואָס ליכטיקט אַרויס פון אונדזער תורה, דער קוואל פון אַלע העכסטע אידעאַלן משׁשת ימי בראשית עד היום הזה. די לופט, דער גאַנצער קלימאַט, דער יידישער ניגון, וואָס זינגט אַרויס פון דער סיסטעמאַטישער, נאָרמאַלער טאָגשול, צי ישיבה קטנה, איז אַזוי געזונט אַז זי מוז און וועט שטאַרקן די פליגל אין די הערצער פון די בויער פון דער יידישער נאָרמאַלער שול, און וועקן אין די הערצער פון די עלטערן טיפסטן בטחון, אַז די דאָזיקע שול איז אונדזער מאָדערנע יבנה.

אַ סך פון די בויער פון דער יידישער שול זיינען שוין ליידער ניטאָ מיט אונדז, ווילט זיך מיר טאַקע ווידמען אָט דעם קאַפּיטל פון מיין בוך „אַ לערער רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן" די שול־פאַרוואַלטערס און שול פאַרוואַלטערינס מיינע, אין משך פון מיין לערערישער קאַריערע, וואָס האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות, הייליקנדיק זייער לעבן דעם יידישן חינוך.

איך דערמאָן דאָ אין קדושה:

...משה עלקין... אברהם גאָלובאוו... חיה גאָלובאוו... שלמה קורק... וו. ראָזען... גבריאל דאָרפמאַן... בען זאריצקי... — פון וויניפעג, מאַניטאָבאַ, קאַנאַדע;

....הערי הילער... סיידי ווינאָקור... מיכל פאָדאָלסקי... אהרון מאָרגאָ־ליס... אברהם ווײמאַן... אברהם גרייזדאָרף... פנחס גלאָטמאַן... — פון עד־מאָנטאָן, אַלבערטאָ, קאַנאַדע;

...מירל יאמפאָלסקי... מאָריס ראָס... מעקס קרעמער... נייטן מייזער... יקותיאל ראסקין... עד. גרינבוים... בעווערלי אלפערין... אבא לאַנדוי... און דעם באַוואוסטן פעדאַגאָג, פון די ראשונים נאָך אין פוילן, אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, דער בונדיסט בלב ונפש הערשל פאנא־בעריא־פיין... — פון אַטלאַנטאַ דזשאָרדזשיאַ.

ת' נ' צ' ב' ה'

# די ישיבה קטנה און די טאָגשול

מיט ניט קיין סך יאָרן צוריק, ווען די יידישע היים איז נאָך געווען אַ יידיש־רעדנדיקע; ווען אויף די ווענט האָט מען נאָך געזען יידישע בילדער, און אין די אַלמערס, צי אויף פּאָליצעס — יידישע ביכער; ווען מען האָט נאָך, אין דער ברייט און אין דער לענג, געלייענט יידישע צייטונגען, און מען איז נאָך מיט פרייד געגאַנגען הערן יידישע לעקציעס; ווען מען פלעגט זיך קוים דערוואַרטן דעם טאָג פון אַ יידישן קאָנצערט, פון אַ יידישער פאָרשטעלונג; ווען די, וואָס פלעגן אַליין ניט לייענען קיין יידישן בוך, פלעגן זיך אָבער אָנשליסן אָן אַ לייען־קרייז; ווען מען פלעגט מיט התלהבות, מיט ברען זינגען יידישע לידער ביי משפחה־פאַרווײלונגען; ווען מען פלעגט, ביים טרעפן זיך אין פּריוואַטע הייזער, פירן שמועסן איבער ליטעראַטור, איבער פּאָליטיק, ניט שפּילן אין קאָרטן, אָדער זיצן, ווי שטומע, ביי די טעלעוויזיעס; ווען די דאָזיקע שמועסן איבער ליטעראַטור, איבער פּאָליטיק, וועגן פּראָבלעמען פון מענטש, און פאָלק, און וועלט פלעגן זיך צעפלאַקערן אין „אמתע שרפות", ווייל דאָס איז געגאַנגען אין לעבן; ווען דערוואַקסענע קינדער פלעגן זיך מיט גוואַלדיקן אינטערעס צוהערן צו די דאָזיקע שמועסן, און אפילו אָפט אָנטייל נעמען אין זיי; ווען אַ יידישער יום־טוב האָט זיך אָנגעזען אין שטוב; ווען עלטערן פלעגן מיט האַרץ קאָאָפּערירן מיט דער שול; ווען אין דער היים און אין דער שול האָט געהערשט דער זעלביקער גייסט; ווען יידישע דערציאונג איז געגאַנגען אין לעבן, און דאָס קינד האָט עס געזען, — אַט דעמאָלט איז די דערגאַנצונג־שול, די נאָכמיטאָג־שול געווען אַ דערציאונג־אינסטיטוציע. היינט אָבער, ווען די שול האָט אפילו קיין אָנזען ניט אין דער היים; היינט, ווען די היים שפּיגלט ניט אָפּ דעם גייסט פון דער שול; ווען די שול האָט ניט וואָס צוצוגעבן, האָט ניט וואָס צו באַקרעפטיקן, מחמת די היים איז אויסגעליידיקט פון יעדן שפּור יידישקייט, ניט צו דערקענען אפילו, אַז זי איז אַ יידישע היים, — וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס אַלץ, וואָס דאָס קינד קריגט אין דער שול? אַז אין לעבן פון דער היים האָט עס ניט קיין אָנווענדונג, דאַרף מען עס ניט, ניצט מען עס ניט; אַז דאָס קינד הערט ניט קיין יידיש, קיין יידיש ליד; ווען מען פּראַוועט שוין יאָ אַ יום־טוב, איז ער נאָר יוצא צו זיין, זוכט מען נאָר אים אָפּצופטרן, איז ער אָן „לייב און אָן לעבן", איז ער, ווי אַ ניט אָנגעלייגטער גאַסט, וואָס שטערט נאָר אין די פאַרגעניגנס, צו וועלכע מען רייסט זיך, וואָס איבער אים האָט מען געמוזט דורכ־

לאָזן אַ „באָב האוּפ״, צי אַ „מילטאָן־בערלע״־פּראָגראַם. וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס, וואָס דאָס קינד נעמט שוין יאָ מיט זיך מיט פון דער שול... און וויפל נעמט עס מיט, ווען דאָס איז אַרויפגעצוואונגען, ווען קיין חשק איז צו דעם ניטאָ? און פאַרוואָס זאָל דאָס קינד האָבן חשק צו דעם?

שרייבנדיק וועגן דעם דוחק אין יידישע לערער, קלאָגט זיך דער קולטור־און שולן־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג, זלמן יעפּרויקין:

„צום באַדויערן איז ביי דער מערהייט עלטערן ניט פאַראַן דער ווילן צו געבן די קינדער אַ פּאָסיקע יידישע דערציאונג. ס׳איז גענוג, אַז די קינדער זאָלן „אַ לעק און אַ שמעק טאָן״ פון יידישקייט. מער דאַרף מען ניט. מען וויל די קינדער ניט שיקן צו אָפט אין דער יידישער שול. מען וויל ניט, זיי זאָלן צו לאַנגע שעהן פאַרברענגען אין איר. באַלד אַ העלפט תלמידים און תלמידות פאַלט אַרויס די ערשטע צוויי יאָר. ווערט מען בר־מצווה, צי בת־מצווה, איז אויס מיטן לערנען, אויס מיט יידישקייט. אַ נישטיקער פּראָצענט טרעט אַריין אין די מיטלשולן, און נאָך ווייניקער פאַרענדיקן זיי״.

האַלט איך אָבער, אַז ווען מען שטעלט זיך אַוועק שטרענגער, ווען מען קומט אַרויס מיט אַ קול קורא, ווען מען שטורעמט אויף אונדזער גרויזלעכער אָפּגעלאָזנקייט, ווען מען קומט אַרויס געאייניקט, אַלע טיפּן שולן, אַלע תלמוד־תורהס, מיטן געשריי צו די עלטערן, וואָס פאַרוואָס פאַרברעכן זיי באַגייען קעגן זייערע קינדער, — וואָלט זיך די לאַגע געענדערט. מען מוז אויפהערן צו געבן די קינדער אַ מינימום: אָדער אַ דערציאונג, אָדער גאָרנישט. זאָל מען ניט קאָנען קריגן קיין „ביליקע״ דערציאונג.

ער קלאָגט זיך אויך, אַז „עס איז ניטאָ קיין האַרמאָניע צווישן דעם, וואָס דאָס קינד לערנט אין שול, און וואָס דאָס קינד זאָפּט אין זיך איין אין דער היים. די היים איז אין ס׳רוב פאַלן אָפּגעפרעמדט פון יידישע פּירונגען, עס לעבן ניט אין איר קיין יידישע בענקענישן. עס ציט זיך ניט קיין פאָדעם צווישן היים און שול, וואָס זאָל זיי פאַרבינדן״. און ווייטער: „ווען עס גייען אַוועק עטלעכע יאָר נעמען דעם לערער נאָגן ספקות. וויפל האַרץ און נשמה ער זאָל ניט אַריינלייגן אין דער אַרבעט, זעט ער ניט קיין פּעולות. ער זעט ניט, אַז די יידישע דערציאונג זאָל משפּיע זיין דעם תלמיד. פון זיין שליחות (וואָס ער נעמט אויף, ווי אַן עבודת הבורא.—מ. ב.) לאָזט זיך גאָרנישט אויס. ער פילט, אַז ער האַקט האָלץ. פאַלט ער אַריין אין אַ יאוש״...

אַזוי רעדט אַ קולטור־און שול־דירעקטאָר, אַליין זיין גאַנץ לעבן אַ לערער. איך געדענק, ווי נעכטן וואָלט עס געווען, ווי אַ פּרוי פון איינעם פון די העראָלעכסטע אונדזערע ראשונים־לערער, וואָס זיין איבערגעגעבנקייט, זיין ברענען מיט שול און קינד איז אַ שם דבר, האָט מיר אַ זאָג געטאָן: „ווי צו אייך, וואָס איר האָט זיך שוין „אַרויסגעקאָסאָנקאָוועט״ דורכן פענצטער, זיך צעניזוקט; אָבער נאָך מער ווי איז צו אונדז, וואָס האָבן שוין אפילו קיין כוח ניט „אַרויסצושפּרינגען״ דורכן פענצטער״... און עס איז ניט קיין וואונדער, וואָס אַ שול־דירעקטאָר, וואָס לערער

פילן אַזאַ טיפן וויטיק. דעם זעלביקן צער האָט ניט איינמאָל אויסגעדריקט דער רעדאַקטאָר פון דעם „פעדאַגאָגישן בולעטין“, דער באַוואוסטער פעדאַגאָג און פּי־לאָלאָג יודל מאַרק, וועלכן איך ציטיר אין מיין אַרבעט אַ סך מאָל.

זאָלן מיר ניט ביכולת זיין צו דערהייבן דעם פּרעסטיזש פון דער שול אין די אויגן פון די עלטערן, דורך דער פעולה, וואָס די קינדער זאָלן טאָן אין שול; זאָלן מיר ניט איבערבויען אונדזער שול־וועזן, קינדער זאָלן ווידער אָנהויבן הנאה צו האָבן פון דער שול, ווי ניט גאָר לאַנג צוריק; זאָלן מיר ניט געפינען קיין מיטל, ניט צו שטערן אונדזערע קינדער אין זייערע שפּילערייען, אין זייערע פאַרגעניגנס; זאָל אונדז ניט געלינגען צוריק צו געווינען די היימען, — וועט אונדזער פאָלק, און יעדער יחיד צאָלן אַ ביטערן פּרייז. מיר׳ן פאַרלירן דורות, איידער מען וועט זיך אַרויסבאַקומען פון דעם גרויליקן צושטאַנד. מער פאַר אַלץ טוט מיר ווי, וואָס יעדעס קינד, וואָס בלייבט פּוסט, מיט אַ וואַקוּאום, צאָלט בלוטיק פאַר דער נאכלעסיקייט פון די עלטערן, און וואָס אַזוינע קינדער נעמען אָן דעם לעק און שמעק תורה פאַרן אוצר, און זעען אין אונדז, די באַגייסטערטע מיט דער תורה, מענטשן פול מיט שקר, — מחמת ער „ווייס“, ער האָט באַזוכט אַ יידישע נאָכמי־טאָג־שול, ער „ווייס“, וואָס דער אוצר איז.

מיט גאָר ניט קיין סך יאָרן צוריק, ווען אין שול פלעגן אַריינקומען יידיש רעדנדיקע קינדער, און ווען די היים איז געווען היים, פלעגט מען לערנען, און ברייט און טיף, יידישע ליטעראַטור, יידישע געשיכטע; פלעגט מען פירן שמועסן, דורכפירן מיט די קינדער ליטעראַרישע אָוונטן; האָט מען געקאָנט מיט אַ העכערן קלאַס אויפפירן די ערשטע צוויי אַקטן פון ש. אַנ־סקיס „דיבוק“, בינוש שטיינמאַנס „די וואַנט“, „אַ מאַסאַווקע“, לויט יעקב פאַטס „די בונדיסטן“; פלעגט מען קאָנען מיטנעמען קינדער צו יידישע לעקציעס. נאָך היינט, אַז איך באַגעגן אַ קינד, שוין איצט אַ פאָטער צי אַ מוטער, אַ קינד פון יענער צייט, צי ווען איך קריג פון עמעצן פון זיי אַ בריוו, דערמאָנען זיי א. ליטוואַקס לעקציעס איבער „די נביאים“, זרובבלס איבער „פון מענדעלע ביז ה. לייוויק“, דר׳ יהודה קויפמאַנס (איצט אין ישראל אבן־בן־שמואל) לעקציעס איבער קבלה, חסידות און השכלה, בצלאל שער־מאַנס לעקציעס איבער פועלי־ציוניזם. יעדער יידישער לערער, ווען ער דערמאָנט זיך אָן יענער צייט, ווען קינדער פלעגן ביי אַ גראַדואירונג שרייבן קאָמפּאָזיציעס איבער ח. נ. ביאַליקס שאַפן, איבער ה. לייוויקס, איבער שלום עליכמס, איבער י. ל. פּרצן, איבער חסידות, איבער ישראל סאַלאַנטער, איבער אברהם רייזען, איבער די גזירות ת״ח ות״ט, איבער בינוש מיכאַלעוויטש, — יעדער יידישער לערער, הייסט עס, ווען ער דערמאָנט זיך אָן יענער צייט, עסט ער זיך אויס זיין לעבן, ווייל היינט האָט ער פאַר זיך קינדער, וואָס קוים ער דערלעבט צו הערן פון זיי אַ צעקאַליעטשעטן יידישן זאַץ...

די היינטיקע לערער אונדזערע, און די היינטיקע לערער, פון די ראשונים נאָך, האָבן מער פּעדאַגאָגישן וויסן, וויפל לערער האָבן געהאַט צו יענער צייט. אַ סך האַרץ און ליבע און גרייטקייט און מסירת נפש האָבן די דאַמאָלטדיקע לערער

יאָ געהאַט, אָבער ניט קיין סך פּעדאַגאָגישן וויסן. היינט האָבן, חוץ דעם, די יידישע לערער אַ בפּועל ממש סעמינאַר, אַ זשורנאַל, וואָס קומט זיי אָן חודשלעך, — איך האָב דאָ אין זינען דעם „פּעדאַגאָגישן בולעטין" אונטער דער רעדאַקציע פון יודל מאַרק. איר געפינט אין דעם „בולעטין" אַ וועלט מיט עצות, מיט אָנווייזונגען, מיט מעטאָדיק, מאַטעריאַל, ניטאָ זיין גלייכן אויף דער ענגלישער גאַס. חודש־איין חודש־אויס לייענט דער יידישער לערער דאָרטן אַ ספּעציעלע רובריק „גוטס אום שלעכטס פון דער לערערשער פּראַקטיק" — הלוואי האָבן מיר עס מיט יאָרן צוריק.

מיר האָבן היינט וואונדערבאַרע טעקסט־ביכער, וואָס מיט יאָרן צוריק האָבן מיר אפילו חלומען ניט געקאָנט פון זיי. פלעגן מיר דאָך אַמאָל אַליין דאַרפן „אויס־וויטיקן", זוכן, נישטערן. און... ועל כולם האָט דער לערער געמוזט זיין דער „באַוועגער" פון דער באַוועגונג, דער אינספּירירער, — איז דער לערער געווען טאָג און נאַכט פאַרנומען מיט לייזן פאַרשיידענע פּראָבלעמען אין דער היים. היינט קאָן זיך דאָך דער לערער פרייער אָפּגעבן מיטן קינד. איז וואָס זשע איז אַזוי שלעכט אויפן האַרצן?

וואָס איז עס די סיבה, וואָס קינדער רייסן זיך פון דער שול, ווי פון אַ תפיסה, וואָס עלטערן כאַפּן צו דאָס קינד פון שול איידער עס האָט נאָך גראַדואירט? און גראַדואירן גראַדואירט מען אין אַ שול 3—4—5 קינדער, און אויב מיט אַ קינד מער — איז עס אַ גרויסע גדולה אויף אונדז... און דערזעט מען, צי מען דערפילט דעם „באַגאַזש", מיט וועלכן דאָס קינד פאַרלאָזט די שול, ווערט ביטער און פינצטער אויפן האַרצן, אַזוי אַז דער ליכטיקסטער אָפּטימיסט מוז זיך פאַרטראַכטן, צי איז עס ניט דער סוף צו אַלץ, וואָס איז אַזוי טייער, און ליב, און הייליק און... אַזוי געזונט אין לעבן פון יידישן קינד.

וואָס איז די סיבה, פרעגט איר? — די סיבה איז וואָס מיר האָבן פאַרלאָרן די היים. אָט זיץ איך צו וועטשערע ביי דעם יונגן קאָנסערוואַטיוון רב און רביצין. דאָס עלטערע קינד, 6 יאָר אַלט, האַלט אין איין דערציילן, וואָס עס האָט יענעם טאָג געלערנט אין דער ישיבה קטנה אירער. די עלטערן הערן זיך צו זייער אויפמערקזאַם, שטעלן פראַגעס, דאָס קינד זאָל זען, אַז דאָס גייט זיי אין לעבן, און עס גייט זיי טאַקע אין לעבן. פּלוצלונג, נאָכן עסן און נאָכן בענטשן, הייבט דער רב אָן פאַרטראַכט, שטילינקערהייט צו מורמלען אַ ניגון. דאָס עלטערע מיידעלע, 6 יאָר אַלט, שפּרינגט אויף: „דאָס איז מה לך היום". דער רב פאַרציט דאַן פאַר איר אַן אַנדער ניגון, זי שפּרינגט ווידער מיט פרייד אויף: „דאָס איז כי לקח טוב נתתי לכם". ער זינגט ווידער, — דאָס מאָל איז עס יום זה לישראל אורא ושמחה (פון זמירות); שפּעטער דערקענט זי דעם יום זה מכובד מכל ימים (אויך זמירות); דאַן גייט אבינו אָב הרחמן, דאַן השיבנו, דאַן שלום עליכם, דאַן קומט ברוך אלהינו שבראנו לכבודו, — דאָס קינד דערקענט יעדן ניגון און זינגט יעדן ניגון אויס מיט אַלע ווערטער. מיינט איר, אַז נאָר זי? אויך דאָס שוועסטערל, ניט קיין פולע 4 יאָר אַלט, האַלט מיט, זאָגט אויך אַרויס קלאָר די ווערטער, און

אויב עס פלעט איר אַ וואָרט, כאַפּט זי עס פון איר שוועסטערל. און האָט מען דען ניט מיטגעבענטשט מיטן טאַטן און מיט דער מאַמען צוזאַמען? און אַלע ווערטער, וואָס מען זינגט זיי אויס אין ברכת המזון, האָט מען געקאָנט. וואו האָט עס דאָס קינד „גענומען"? ניט אין דער ישיבה קטנה, — זי גייט דאָרטן ערשט דעם פערטן חודש. דאָס האָט זי גענומען אין דער היים...

שפּעטער האָב איך זיך אַוועקגעזעצט צו דערציילן די קינדערלעך מעשהלעך אין יידיש, זיי האָבן פון די מעשהלעך געקוועלט מיט פרייד. וואו האָבן זיי זייער יידיש גענומען? פון דער היים.

ווי לאַנג צוריק איז עס געווען, ווען מיר פלעגן אַריינקריגן אין שול רעדנ־דיקע קינדער, ניט קיין „שטומע". אָט ווי אין דער רעגירונג־שול קומען ביז היינט אַריין קינדער מיט ענגליש אין זייערע מיילכעלעך, קינדערלעך, וואָס וועגן דעם „איי־בי־סי" איז אָפּגערעדט, אַ סך קאָנען אפילו לייענען אַ ביסעלע.

אין אַן אַנדער קאַפּיטל געפינט איר אַ יידישע היים, וואו קינדער האָבן אַריינ־געלעבט אין זיך יידישע נגינה, באַציאונג צו יידישער ליטעראַטור; אַ וועלטלעכע היים איז עס געווען, די וועלטלעכקייט האָט אָבער אַרויסגעלויכטן פון די בילדער אויף די ווענט, פון דער שאַפע יידישע ביכער, פון דער הייליקער באַציאונג פון די עלטערן צו יידישער וועלטלעכער קולטור. די קינדער האָבן בכל יום געזען, אַז דאָס גייט זייערע עלטערן אין לעבן...

יאָ, די צרה איז, וואָס מיר האָבן פאַרלאָרן אונדזערע יידישע היימען, און מיר האָבן מורא עפּעס וואָס איינצושטעלן, זי צוריק צו געווינען. מען האָט מורא אַרויסצוקומען מיטן גרויליקן אמת, מיט אַ קול קורא צו די עלטערן, אַז עס איז שלעכט, זייער שלעכט; אַז מיר קענען ניט, ביי די געענדערטע אומשטענדן אין לעבן, געבן אונדזערע קינדער גענוג יידיש וויסן אין דער נאָכמיטאָג־שול; אַז אָן דער היים איז אונדזער אַרבעט אַ ברכה לבטלה; אַז מען מאַטערט זיך שוין יאָרן, מען האָט אַלץ אויסגעפּרובירט, אַז קיין זאַך איז שווער ניט געווען. מען האָט אָבער געליטן און געשוויגן, מחמת מען האָט געהאַפט: אפשר, אפשר. מען האָט געע־שטיקט אין זיך צער, אָבער איצט איז געקומען די צייט, מחמת מיר האַלטן עס מער ניט אויס, אויף אַ הבה נתחכמה: לאָמיר — איר, עלטערן, און מיר, לערער — צוזאַמען זיך נעמען צו דער אַרבעט, לאָמיר זיך אַרויסבאַקומען פון דעם חורבן. אָן אייער שותפות, עלטערן, וועלן מיר גאָרנישט קאָנען אויפטאָן, איך גייט דאָך אין לעבן דער מאָרגן פון אייערע קינדער, — איז צו דער אַרבעט!

קומט מען אָבער לניין מיט דעם דאָזיקן קול קורא ניט אַרויס. מען האָט מורא איינצושטעלן, בעת עס איז פּשוט ניטאָ וואָס איינצושטעלן. כאַפּט זיך אַריין אין אַ שול, רעדט זיך דורך מיט די פאַרצווייפלטע לערער, — איר וועט זיך פּשוט וואונדערן, ווי טראָגן זיי עס אַריבער. מען טאָר דאָך אָבער ניט לאָזן גיין אַזוי, ווי עס גייט. דאָס קינד, די שול „גייט דאָך אויס" פאַר אונדזערע אויגן. עם־הארצות וואַקסט, און פאַרפלייצט אונדזער לעבן.

האָט טאַקע אונדזער גרויסער דיכטער און ליטעראַטור־קריטיקער, יעקב

גלאַטשטיין, מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געשריבן: „שמואל ניגער (איצט ליידער ע"ה. —י. ב.) האַלט, אַז מיר דאַרפן ניט זיין פאַרצווייפלט ווען מיר רעדן וועגן וועלט־לעכער יידישער דערציאונג; אויב אפילו דאָס קינד וואַקסט אויס און גייט דורך שבעה מדורי ענדערונגען אין לעבן, און ווען אפילו דאָס יידיש אויף זיין צונג ווערט פאַרוואַנדלט אין ענגליש, — עס בלייבט דאָך אין אים איבער אַ שטיקל יידישער אָפּזאָץ, אָדער אפשר אַ יידישער אַראָמאַט אין קינד, וואָס האָט אַמאָל געלערנט אין אַ יידישער שול. אַזוי אומגעפער האָט ניגער אַרויסגעדרונגען לעב־לעכע טרייסט־טראָפּנס פון דער וואַרעמער פייערונג לכבוד אַן אַלטן יידישן לע־רער. וויל איך דאָ זיך אָנטאָן אַ מאַנטל פון נייטראַליטעט, און ניט נעמען קיין דירעקטע שטעלונג צו דעם ענין, און אפילו ניט רעדן פון דער ספּעציפישער טרייסט, וואָס מיט איר האָבן מיר זיך אַלע לעצטנס באין ברירה גענומען באַפריי־דיקן. איז עס אָבער בפירוש כדאי דאָס אויפצונעמען ווי אַ סימפּטאָם, וואָס שוועבט דורך, ווי אַ סוד, אין דער גאַנצער יידישער דערציאונג, און קיינער וויל דערפון ניט רעדן דירעקט. ניגער האָט דערויף אָנגעוואונקען, אָבער פאַרוואָס ניט איינ־מאָל פאַר אַלעמאָל רעדן גרונטוואַנע וועגן דעם אָנגעווייטיקן ענין".

קודם כל ווילט זיך מיר דאָ זאָגן מיט טיפן צער אַ פּאָר ווערטער וועגן יידישן „אָפּזאָץ" און יידישן „אַראָמאַט".

ניט אַלע, וואָס האָבן זיך אַמאָל געשמאַק געלערנט אין חדר און אין ישיבה, זיינען געוואָרן לומדים, רבנים, ניט אַלע. אָבער דער חדר, וואָס האָט אָפּגעשפּיגלט דעם גייסט פון דער היים און פון דער סביבה, און די היים, די סביבה, וואָס האָבן באַווירקט דעם חדר, — אָט דער דאָזיקער חדר האָט יאָ איבערגעלאָזן אין יידישן קינד אַ יידישן „אָפּזאָץ", אַ יידישן „אַראָמאַט". ווי ווייניק דער אָדער יענער האָט מיטגענומען מיט זיך פון חדר, צי פון ישיבה — איז עס טיף אין אים, ניט קיין סך אין אים, אָבער טיף. דער גרעסטער עם־הארץ צווישן אונדז, אָט פון יענער צייט, פון יענעם לעבן, פון יענעם חדר, פון יענער סביבה, האָט ליב צו ציטירן אַ פּסוק, אַ מאמר חז"ל (ניט נאָר קאָן, נאָר האָט ליב, האָט הנאה) — דאָס איז זייער אַ גרויסער „אָפּזאָץ". מיט ליבע דערמאָנט מען די צייט אין חדר, דעם רבין, כאָטש פאַראַן אַ סך, וואָס האָבן ליב זיך צו לאָזן וואוילגיין אויפן חשבון פון דעם „בייזן רבין". מען דערמאָנט מיט פרייד יענע צייט, און מען צעזינגט זיך, מען צע־פלאַמט זיך מיט האַרץ, מיט עקסטאַז פון פרייד ביי אַ יידישן ניגון; היימיש דער־פילט מען זיך אין בית מדרש. ניט אַלץ איז פון חדר, אָבער דער חדר האָט עס אַלץ באַקרעפטיקט. וואָס פאַרא „אַראָמאַט", וואָס פאַרא „אָפּזאָץ" בלייבט היינט אין אונדזערע קינדער, וואָס לערנען אַ פּאָר יאָר אין דער יידישער שול, אין דער תלמוד תורה, ווען פון דעם „אַראָמאַט", פון דעם „אָפּזאָץ", וואָס איז פאַרבליבן אין יענע אונדזערע קינדער, וואָס האָבן זיך סיסטעמאַטיש, און יאָרן לאַנג, און מער צייט יעדן טאָג געלערנט אין אונדזערע נאָכמיטאָג־שולן מיט יאָרן צוריק, — ווען פון דעם „אַראָמאַט", און פון דעם „אָפּזאָץ" האָבן מיר אויך קיין נחת ניט דער־

לעבט, ניט קיין סך נחת. רעדט זיך דורך מיט קינדער, פון הארץ צו הארץ, מיט קינדער, וואָס האָבן זיך די לעצטע 10 יאָר געלערנט אין אונדזערע שולן, אפילו מיט די, וואָס האָבן גראַדואירט, רעדט זיך דורך מיט זיי — איר וועט קריעה רייסן...

ווייטער דערמאָנט יעקב גלאַטשטיין, אָפּאָנירנדיק שמואל ניגערן, אָן די „פּעסטונגען פון עקשנות, וואָס די אַלע אַזוי גערופענע וועלטלעכע יידישע שולעס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט מיט יאָרן צוריק: יידיש איז געווען דער צענטראַלער קעגנשטאַנד פון אַלע לימודים; און די זומער־קעמפּס, וואָס די יידישע שולעס האָבן געגרינדעט, זיינען ערשט געווען די אמתע פעסטונגען, וואו מען האָט דאָס קינד געהאַלטן אַ גאַנצן זומער און עס געגעבן, ווי מען האָט עס גערופן, אַ וועלטלעכע יידישע דערציאונג, דורכן גאַנצן מעת לעת; אָט די פעסטונגען זיינען מיט דער צייט איינגענומען געוואָרן. אפשר האָט זיי טאַקע די צייט איינגענומען, אפשר האָבן זיי זיך אונטערגעגעבן, ווייל דער פונדאַמענט האָט ניט געטויגט. וואָס עס זאָל ניט זיין, דער אמת איז אַ ביטערער, — מען האָט אין די אַלע קינדער־קעמפּס פּאַקטיש אויפגעגעבן יידיש, ווי די באַקרוינונג פון אַלע לימודים. אָבער ניט נאָר וועגן די אַלע קעמפּס, וואו יידיש איז שוין אַ צווייטע שפּראַך, אָדער גלאַט אין פאַרשעמטן גלות, רעדט זיך דאָ. אפילו אין די שולעס האָט מען שוין לאַנג אָנגעהויבן אונטערלאָזן פון דער אייגענער ווירדע".

און ווייטער שרייבט גלאַטשטיין: „אַנומלט האָבן יידישע שרייבער — און איך בתוכם — געמאַכט אַ טומל, ווען די יידישע לינקע האָבן אָנגעהויבן אַ דיסקוסיע אין דער עפנטלעכקייט וועגן פאַרוואַנדלען די יידישע שולעס אין ענגליש־יידישע. עס איז געוואָרן „הימל עפן זיך". מיר האָבן אָנגעוויזן אויף דער באַוואוסטזיניקער ליקווידאַציע פון יידיש אין זייערע רייען. מיר האָבן דעמאָלט נעבעך ניט געוואוסט, אַז אין אונדזערע אייגענע רייען טוט מען אַזוי, און שוין היפּשע עטלעכע יאָר, נאָר מען מאַכט עס בשתיקה, אָן עפנטלעכע דיסקוסיעס". ער קומט צום שלוס, אַז „אפשר דאַרפן מיר זיך אָנגורטן מיט נאָך מער עקשנות און קעמפן קעגן דעם לייכטן נחת, וואָס מיר ווילן לעצטנס איינקאַסירן? און אפשר איז כדאי איבערצולאָזן עטלעכע געציילטע שולעס, וואָס זאָלן נאָך אַלץ זיין פעסטונגען פון נאַכגיביקייט? ווייל אויב די אַמאָליקע פעסטונגען האָבן כאַטש איבערגעלאָזן אין תלמידים און תלמידות דערינערונגען, קאָן דאָך, חלילה, פון היינטיקע קאָמפּראָמיסן גאָרנישט בלייבן. אפשר איז אונדזער גאַנצע וועלטלעכע יידישע דערציאונג געווען געבויט אויף זאַמד, ווייל זיי זיינען געווען אומרעליגיעזע שולעס, און זי האָט ניט באַוויזן צו געבן דעם יידישן לשון די פולע וואג און מאָס, וואָס יידיש דאַרף האָבן אין אַ פרעמדער וועלט? טראַג איך נאָך אַלץ דעם מאַנטל פון נייטראַליטעט, אָבער איך האַלט, אַז די פראַגע פון נאַכגעביקייט אין אונדזערע יידיש־שולעס טאָר ניט פאַרבלייבן אַ קאָנטראַבאַנד, וואָס זאָל דיסקוטירט ווערן פּריוואַט, נאָר זי מוז אַרויס אין דער עפנטלעכקייט,

כדי אַלע פּיינלעכע שלוסן, וואָס מיר מוזן ציען פון דער ביטערער לאַגע, זאָלן זיין לעגיטימע, און ניט דורכגעשמוגלטע".

איך האָב אָט דעם לאַנגן ציטאַט געבראַכט צו ווייזן, ווי מען איז פאַרזאָרגט, צע־טראָגן, צעשראָקן, פאַרצווייפלט און דערשלאָגן אין דער יידישער וועלט. און ניט נאָר די, וואָס ווילן זיך אָנטאָן אַ מאַנטל פון בייטראַליטעט און שרייען אויס זייער צער און ווייטיק, מחמת דער ענין בלוטיקט אין זיי. אויך לערער, און לערער פון לערער, רעדן מיט טיפסטער אומרו וועגן דעם מצב. אַזוי שרייבט דער באַוואוס־טער יידישער פּעדאַגאָג יודל מאַרק, דער רעדאַקטאָר פון „פּעדאַגאָגישן בולעטין" און פון „יידישער שפּראַך": „אמת, מען פאַרמאָגט איצט בעסערע קלאַסצימערן, גראַטענע לערנביכער, מער וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן, פאַרשיידנאַרטיקע און רייכערע מכשירים. עס פאַלן אָבער די סטאַנדאַרטן און די פּעולות, עס פאַרקלע־נערן זיך אָבער די השגות, און עס ווערן איינגעשרומפּן די לערן־פּראָגראַמען". ווייטער שרייבט ער, אַז „די צאָל שעהן, וואָס די יידישע קינדער געניסן פון יידישן חינוך, האַלט כסדר אין פאַלן. קיין תרופה צו דער מחלה איז דערווייל ניטאָ". ער קלאָגט זיך אויף דעם, וואָס „יעדער זיינער געניגט אַ סך פון אונדזערע פּראָ־מינענטע דערציער צו פאַרשווייגן די פינצטערע זייט פון דער מטבע. אַ צאָל ערנסטע העברעאישע מחנכים לעבן איבער ניט קיין גרינגערע רגעס פון חשבון הנפש, ווי לערערס פון שולן אויף יידיש".

איר הערט דאָ רייד פון אַ לערער פאַר לערער, איר הערט דעם פינצטערן טאָן, איר פילט זיין צער, איר פילט זיין צער, זיין פאַרצווייפלונג! נו, איז דען דאָ וואָס איינצושטעלן, וואָס מורא צו האָבן? וואָלט מען ניט געדאַרפט פאַררופן אַ קאָנפערענץ פון לערער און געוועזענע לערער, פון פּסיכאָלאָגן, סאָציאָלאָגן, פון יידישע שרייבער, פון אַלע ריכטונגען אין אונדזער יידישן לעבן און... זיי אַוועק־זעצן, ניט אויף געציילטע דריי־פיר טעג, זיי זאָלן צוזאַמען אַרויסלאָזן אַ רוף, אַרויסרופן אַ טרער, אַ קרעכץ, די יידישע וועלט זאָל טאָן אַ ציטער, זיי זאָלן זיך ניט פונאַנדערפאָרן, ביז זיי וועלן געפינען אַ וועג, מיר זאָלן זיך קענען אַרויס־באַקומען פון אונדזערע בלאָנדזשענישן, פון אונדזער אומגליק, פון אונדזער סכנה, מחמת מיר שטייען ביי אַן אָפּגרונט, מיר זיינען נאָך קיינמאָל אין אונדזער גע־שיכטע ניט דערגאַנגען צו אַזאַ פינצטערן צושטאַנד.

שרייבט פּ. בערמאַן אין „פאָרווערטס": „מ. בלאָשטיין פון אַטלאַנטאַ, דזשאָר־דזשיאַ איז גערעכט, אַז דאָס ביסל יידישקייט פון דער צוגאָב־שול פאַרגעסט דאָס קינד זייער גיך, ווייל אין דער היים איז ניטאָ קיין סימן פון דעם, וואָס די שול לערנט, און ווייל די היים איינגעמען זיינען מיר ניט ביכולת, בלייבט דער איינציק־קער אויסוועג — אַ טאָגשול". זיכער פאַררופט ער זיך אויף מיינע אַרטיקלען אין וויניפּעגער „יידישן וואָרט", וואָס דערלויבט זיך צו דרוקן מיינעם אַן אַרטיקל איבער דערציאונג אין אַ ראש־השנה נומער, אַן אַרטיקל, וואָס איז אַן אמתע בראָ־שור! בעת אין אַנדערע צייטונגען דאַרף מען זיך פאַסן קורץ, מען האָט מורא פאַרן עולם, מעג אפילו דער ענין גיין אין לעבן... פּ. בערמאַן האָט דורכגעלאָזן דעם

טייל, וואו איך ווייז אָן, ווי מען קאָן די היים צוריק געווינען, וועל איך דאָס טאָן אין דער אַרבעט מיינער שפּעטער.

ער שרייבט ווייטער, אַז ער קאָן ניט מסכים זיין מיט צביונען, אַז עס מאַכט ניט אויס, וויפל מען לערנט זיך אויס אין דער יידישער שול, אַז וויכטיק איז מען זאָל גיין, עפּעס וואָס וועט זיך שוין „צוקלעפּן". לייקענען לאָזט זיך דאָס ניט, אָבער פון מיין דערפאַרונג מיט צענדליקער סטודענטן, וואָס זיינען קינדווייז געגאַנגען אין אַ יידישער שול, קען איך זאָגן, אַז מען דאַרף האָבן אַ מיקראָסקאָפּ אויף צו דערקענען, וואָס עס האָט זיך „צוגעקלעפּט". איר האָט דאָ אין דער אַרבעט פריער געלייענט שמואל ניגערס מיינונג, וואָס איז אין גייסט פון צביונס, דאָ הערט איר, וואָס אַ פּראָפעסאָר האָט צו זאָגן וועגן דעם צוגאַנג. איר וועט שפּעטער לייענען, וואָס אַן אַנדער פּראָפעסאָר האָט אויסגעפונען פון אַ אונטערזוכונג וועגן דעם ענין, און... הערט זיך צו, וואָס פאַר אַ ניגונים זיינען נאָענט צום האַרצן אונדזערע געוועזענע תלמידים און תלמידות, וואָס פאַרא לידער זיי זינגען מיט פרייד און וועלכע לידער זיי זינגען קיינמאָל ניט, וואָס פאַרא זשורנאַלן זיי לייענען און וואָס פאַרא ביכער, ווי גערן זיי „גייען" אין אַ יידישן טעאַטער, צי צו אַ יידישן קאָנצערט, צו אַ יידישער לעקציע, — הערט זיך צו דעם אַלעם צו, און קוקט זיך צו, און איר וועט אויפהערן זיך צו טרייסטן מיט „אַראָמאַט", מיט „אַפּזאַץ", מיטן „צוגעקלעפּטן".

אָבער ניט די קינדער זיינען שולדיק...

איך האָב אַנגעפרעגט דעם יידישן פּעדאַגאָג, פון די ראשונים, ירחמיאל לאַזאַרסאָן, וואָס מיט זיינע געוועזענע תלמידים און תלמידות האָב איך מיט יאָרן צוריק אויפגעפירט ש. אנסקיס „דיבוק" און שלום אַשס „אָנקל מאָזעס", שלום עליכמס „דאָס גרויסע געווינס" און נאָך און נאָך: צי איך וואָלט עס היינט געקאָנט, צי שפּעטער טאָן מיט זיינע היינטיקע תלמידים און תלמידות. ער האָט דאָך אַ סך מער דערפאַרונג און פּעדאַגאָגישן וויסן, ווי אַמאָל, אַ קליינינקייט — מער ווי 35 יאָר לערער! זיין ענטפער איז געווען, אַז ניין און ניין, אויסגעשלאָסן. ער, דער גוטער „רייטער" צו יענער צייט, וואָס היינט איז ער זיכער נאָך אַ בעסערער „רייטער", קאָן היינט ניט „דעררייטן", מיט די היינטיקע היימען, מיט די „הינקענדיקע פּערדעלעך"... היינט, טייערינקע, בלייבט גאָרנישט איבער אין אונדזערע קינדער, מחמת ניטאָ קיין היים.

האַלט איך, אַז נאָר די טאָגשול, די ישיבה קטנה קאָן אונדז צוריקברענגען די היימען. מיר דאַרפן אָנהייבן קליין, מיר'ן זיך אַרויפאַרבעטן אויף גרויס. אויב אונדז איז באַשערט צו לעבן — און איך גלייב, אַז יאָ — וועט אונדזער אויפלעבן קומען פון אָט דעם מין יידישע, העברעאישע טאָגשולן.

איז לאָמיר קודם כל אָנהייבן פון טענות, וואָס מען האָט צו די טאָגשולן, צו די ישיבות קטנות; לאָמיר אָנהייבן פון די ספקות, וואָס מען הערט פון צייט צו צייט.

א) טענהן אייניקע, אַז מיטן פאַרטיפן זיך און מיטן פאַרשפּרייטן זיך מיט

יידיש און העברעאיש פטרט מען די ענגלישע אויסשפּראַך, קאָן שפּעטער אַ יידיש קינד ניט שאַפן קיין שיינעם ענגלישן זאַץ, מחמת דער זאַץ־געבוי אין יידיש און העברעאיש איז אין היפוך צום זאַץ־געבוי אין ענגליש.

חוץ דעם, טענהן זיי, קאָן בכלל ניט לערנען מיט אַ קינד אַזוי פיל שפּראַכן מיטאַמאָל. נו, האָבן לינגוויניסטן דווקא אַן אַנדער מיינונג, זיי האַלטן, אַז קינדער לערנען זיך אויס שפּראַכן זייער גרינג, כאַפּן אַ שפּראַך אַזש בליצאַרטיק.

היימאַן כאַוואַנער ציטירט אין דעם „רעקאָנסטראַקשעניסט" אַ גאַנצע ריי מחנכים און קינדער־פּסיכאָלאָגן, וואָס באַשטעטיקן עס. זיי האַלטן, חוץ דעם, אַז לערנען צוויי שפּראַכן מיט אַ קינד איז עמאָציאָנעל קיין סכנה ניט, און אַז אין די ייִנגסטע יאָרן איז עס זייער גרינג פאַרן קינד.

אָט געפין איך אין אונדזער „פּעדאַגאָגישן בולעטין", אַז עוועלין וואַן־אינ־האם האַלט, אַז וואָס ייִנגער אַ קינד איז, אַלץ גרינגער נעמט עס אויף אַ נייע שפּראַך. זי ציטירט אַ מיינונג פון איינעם פון די גרעסטע נעוראָלאָגיסטן אין דער וועלט, דעם באַרימטן מאַרך־כירור ד"ר וויליאם פּענפילד פון מאָנטרעאָל, אַז „פאַראַן דריי אָדער פיר פלעצער אין מאַרך, וואָס זיינען ספּעציאַליזירט אויף צו פאָרמולירן שפּראַך און אויך איינצונעמען אין זיך לשון. דאָס קינד האָט אַ מערקווירדיקע מעגלעכקייט אויסצוניצן די דאָזיקע מאַרך־צענטערס. עס איז מעגלעך אפילו צו לערנען קינדער עטלעכע לשונות גלייכצייטיק".

פאַר אונדזערע אויגן האָבן מיר געזען, ווי קינדער פון ניי־אַריבערגעקומענע, דאָ אין לאַנד, האָבן „אויפגעכאַפּט" ענגליש אין געציילטע חדשים, בעת די עלטערן פלעגן זיך מאַטערן אַרויסצוברענגען אויף די ליפּן אַן ענגלישן זאַץ. פון מיין אייגענער דערפאַרונג געדענק איך, ווי מיין ייִנגערע טאָכטערל, וואָס האָט ביז איר 5 יאָריקן עלטער ניט געקאָנט קיין איין וואָרט ענגליש, ווייל אין שטוב האָט מען גערעדט אויסשליסלעך יידיש, האָט אויפגעכאַפּט ענגליש אין געציילטע פאָר חדשים, ווען מער האָבן געוואוינט אויף אַ רעזאָרט, לעבן אַ קריסטלעכער משפּחה, וואָס דער אייבערשטער האָט איר געבענטשט מיט 9 קינדערלעך. די ערשטע טעג פלעגט מיין טאָכטערל רעדן צו זיי יידיש און זיי צו איר ענגליש, און דאָך האָט מען זיך געשפּילט צוזאַמען — אַן אמתע מיסטעריע, ווי מען האָט זיך פאַרשטאַנען! ביסלעכווייז האָב איך געהערט, ווי מיין טאָכטערל וואַרפט שוין אַריין ענגלישע ווערטער אין איר יידיש, און אַזוי איז זי ביסלעכווייז אַריבער אויף ענגליש.

טענהן אָבער אייניקע, אַז אין אייראָפּע רעדט מען אויף אַ שטח ווי צווישן וואַנקואַווער (אין קאַנעדע) און מיאַמי (אין די פאַראייניקטע שטאַטן) פיניש, און עסטאָניש, און רוסיש, און ליטוויש, און לעטיש און פּויליש און דייטש און פראַנצויזיש... אַ דור הפלגה שפּראַכן. דאָ אָבער נאָר איין שפּראַך — ענגליש. אמת, אין דער פּראָווינץ קוועבעק רעדט מען פראַנצויזיש, ווי אויך אין לואיזיאַנאַ, אָבער אויך גוואַלדיק אַ סך ענגליש, אפילו אין די צוויי ערטער; איבערן גוואַלדיקן שטח

פון אַמעריקע הערט מען ענגליש און ענגליש. אין אייראָפּע רעדן מענטשן פריי 2 און דריי און מער שפּראַכן. אַ דורכשניטלעכער ייד רעדט דאָרטן יידיש, אָפטמאָל צו דעם העברעאיש, פאַרשטייט אַראַמיש, און רעדט צו דעם די שפּראַך פון זיין געגנט און די שפּראַך פון דער נאָענטער געגנט. מען איז דאָ אין אַמעריקע ניט פעאיק צו שפּראַכן.

אָבער אונדזער ענטפער איז, אַז מיר, יידן, זיינען אַנדערש. ווי לאַנג צוריק איז עס געווען, ווען אַ יידיש קינד האָט גערעדט אַ פרייען, אידיאָמאַטישן יידיש, זיך אויסגעלערנט אין דער יידיש־רעדנדיקער היים, געקאָנט גאַנץ פיין העברע־איש, ווען עס האָט געלערנט אין אַ תלמוד תורה (אַמאָל!), צי אין אַ העברעאישער שול, און געקאָנט פיין ענגליש, ניט קיין ערגערן ענגליש חלילה פאַר זיינע מיט־שילער אין דער אַלגעמיינער שול. וואָס אַנבאַלאַנגט די טענה, אַז אַ פרעמדע שפּראַך, צי אַ צווייטע שפּראַך שטערט דעם ענגליש, איז די טענה קיין טענה ניט. אַט האָט עלעאַנאָר רוזוועלט איז איר 5־יאָריקן עלטער ניט געקאָנט אַ וואָרט ענג־ליש; אירע עלטערן האָבן געהאַלטן, אַז אַ קינד דאַרף חוץ ענגליש קאָנען אַן איי־ראָפּעאישע שפּראַך, האָבן זיי ביי זיך געהאַלטן אַ פראַנצויזישע דערציערין, און די שפּראַך אין שטוב, און די שפּראַך וואָס עלעאַנאָר האָט געהערט אין שטוב אָממערסטן, — איז געווען פראַנצויזיש, און... הלוואי אויף אַ סך געזאָגט געוואָרן איר ענגליש. דערציילט קאַרל סאַנדבערג, אַז אין זיינע פריסטע קינדער־יאָרן האָט מען אין שטוב ביי זיי, און ער אויך, גערעדט מער שוועדיש, ווי ענגליש, דאָס האָט אים ניט געשטערט צו ווערן פון די קיגסטלער אין דער ענגלישער שפּראַך.

פּרינציפּאַלן און לערער פון די אַלגעמיינע שולן, און שפּראַכן־פאָרשער ווייזן אָן, אַז קינדער פון יידישע, צי העברעאישע טאָגשולן קומען צו זיי אַריין אין די קלאַסן פון מיטלשול מיט אַ רייכערן ענגליש פאַר די קינדער, וואָס זיינען נאָר־מאָל געגאַנגען אין דער אַלגעמיינער שול. נאָך אַ שפּראַך, האַלטן זיי, מאַכט ריי־כער די שפּראַך, וואָס מען קאָן שוין.

אין דעם „רעקאָרדער", דעם בולעטין פון דער שערי־צדק־שול (דעטראָיט), ווערט געבראַכט אַ ציטאַט פון דר' ראָבערט גאָרדיס: „אַלע דערפאַרונגען האָבן געוויזן, אַז די ריכטיקע צייט אָנצוהייבן צו לערנען מיט אַ קינד אַ צווייטע שפּראַך, איז ווען אַ קינד איז נאָך אין דער עלעמענטאַרער שול, ווען אַ קינד לערנט זיך גיך און גרינג, ווייל זיין פעאיקייט, זיין זכרון און זיין שפּראַך־אָרגאַן איז גרינג־אויפנעמיק. דר' ראָבערט גאָרדיס ציטירט דאָ דעם באַוואוסטן שפּראַך־פאָרשער, פּראָפעסאָר מאַריאָ פּעי, פון קאָלומביא אוניווערזיטעט, וואָס זאָגט אין זיין בוך „די געשיכטע פון ענגליש", אַז אַ צווייטע שפּראַך איז ניט נאָר אַ שטערונג פאַר דער ערשטער שפּראַך, נאָר פאַרקערט, אַ צווייטע שפּראַך העלפט דער ערשטער צו דערגרייכן מייסטערשאַפט. פּראָפעסאָר מאַריאָ פּעי זאָגט, אַז דער בעסטער מע־טאָד צו דערלערנען אַ שפּראַך, זיך אויסלערנען קלאָרער צו טראַכטן אין איר, איז דורך לערנען אַ צווייטע שפּראַך, און דורך די פאַרגלייכונגען צווישןביידע שפּראַכן. ד"ר ראָבערט גאָרדיס פאַרענדיקט מיט דעם, וואָס ער שטרייכט אונ־

טער, אַז מיטן לערנען העברעאיש, אַ צווייטע שפּראַך, געווינט גאָר דער ענגליש.

אַזוי אַז עלטערן מאַכן דאָ גאָר אַ גרויסן טעות, זייער שרעק איז גאָר אַן אומזיסטע, פֿאַרקערט — זייערע קינדער פֿאַרלירן גאָר פֿון אויסמיידן לערנען אַ צווייטע שפּראַך. אונדזערע עלטערן האָבן אין זייער קינדהייט געטייטשט חומש אין יידיש, און צו דעם נאָך פֿאַרשטאַנען אַראַמיש.

אין מיין דריטן „שאַנגרילאַ" האָב איך געהאַט אַ קינד, וואָס האָט גערעדט אַ פּרעכטיקן יידיש, זיך געלערנט העברעאיש, און אין דער אַלגעמיינער שול האָט עס געקראָגן דעם גאָלדענעם מעדאַל פֿאַר איר ענגליש, וואָס ווערט געגעבן אין דזשאָרדזשיאַ־שטאַט. חוץ דעם איז זי געווען די רעדאַקטאָרין פֿון זייער מיטלשול־זשורנאַל. יידישע קינדער (מחמת אונדזערע וואַנדערונגען, און צוליב אַ גאַנצער ריי אַנדערע סיבות) זיינען ספּעציעל פֿעאיק צו שפּראַכן.

אמת, יידיש צי העברעאיש איז נישט דער ציל אונדזערער אין יידישער דערציאונג. אונדז גייט נישט אין אויסלערנען אַ יידיש קינד יידיש צי העברעאיש, אָדערביידע שפּראַכן. מיר האָבן אין דער אַמאָליקער היים אונדזערער, אין אייראָפּע, באַגעגנט אַ סך גויים, וואָס האָבן גערעדט פּריי יידיש, דאָך זיינען זיי געבליבן גויים, דער יידיש האָט זיי פֿאַר קיין יידן נישט געמאַכט. אָבער שפּראַכן זיינען נישט קיין מיטלען. אין יעדער שפּראַך שפּיגלט זיך אָפּ די נשמה פֿון פֿאָלק. דער יידישער „ווייַן" קאָן בלייבן יידיש, ווען דער „לאגל" איז אַ יידישער. נישט נאָר פֿאַרייניקט יידיש צי העברעאיש (ביידע זיינען יידישע שפּראַכן...) אונדז יידן איבער גאָר דער וועלט און אין פֿאָלק און שאַפֿט אונדז אונדזער יידיש־וועלט, נישט נאָר דאָס: יידיש און העברעאיש זיינען געוואָרצעמט און געהייליקט געוואָרן אין אונדזער געמיט אין משך פֿון הונדערטער יאָרן (כמעט טויזנט יאָר יידיש, און טויזנטער יאָרן העברעאיש), אַ קלייניקייט, וואָס? ליבע, זאָגט מען, איז בלינד. איך, למשל, האַלט גאָר, אַז ליבע איז שוין גאָר נישט בלינד. פֿאַרקערט, מען האָט ליב אַ מענטשן, ווייל מען זעט (איר הערט, מען זעט!) אין דעם אָדער יענעם מענטשן עפּעס, וואָס דער צווייטער זעט נישט; דער צווייטער, דער זייטיקער איז בלינד, דער פֿאַרליבטער זעט מער פֿאַר אים, מער און בעסער און טיפֿער. אַזוי אַז ליבע איז גאָר נישט בלינד... ליבע, הייסט עס, מער. דאָס איז שייך ליבע צו אַ מענטשן, אַזוי איז אויך ליבע צו אַ שפּראַך. מען פֿילט אין איר מער, דער קלאַנג איז זיס, די ווערטער האָבן אַ ביי־טאָנאַציע, וואָס רעדט אַריין טיפֿער אין נשמה, זינגט אַריין זיסערע ניגונים. איר קאָנט אַ קונסטווערק איבערזעצן, ברילאַנטיש איבערזעצן, — די נשמה פֿון דעם קונסטווערק איז אָבער אויך אַן איבערגעזעצטע, און, לכן, אַן נשמה.

ביידע יידישע שפּראַכן זיינען נישט־צעטיילבאַרע שוועסטער. יידיש האָט אין זיך אַריינגעזאַפּט אַ סך העברעאיש. זי איז הייליק, „געיידישט" געוואָרן. גאָר אַן אַנדער טעם האָט אַ בלאַט גמרא, געלערנט אויף יידיש, ווי אויף ענגליש, אָדער גאָר רוסיש, רחמנא לצלן. יידיש און העברעאיש זיינען, הייסט עס, צוויי געהייליקטע שוועסטער, וואָס אויב מאַכט איר מיט איינער אַוועק, איז אַ גרויסער אומ־

גליק; מאַכט איר מיטביידע אַוועק — איז אונדזער קולטור נוטה למות, איז טויט־סכנה. זיינען מיר דאָך אונטערגעגאַנגען אין מצרים, ווייל פאַרלאָרן די שפּראַך. ענגליש און פראַנצויזיש האָבן אַזוי פאַרענגלישט און פאַרפראַנצויזישט דאָס לאַ־טייניש, ווי מיר דאָס דייטש. שוין דערפאַר אַליין וואָס מיר האָבן געשריבן דעם דייטשמערישן יידיש מיט יידישע אותיות, באַזאַפּטיקט מיט אַזוי פיל העברעאיש — איז עס געוואָרן אונדזערס, ווי ענגליש — בריטיש.

יידיש און העברעאיש שטערן ניט דעם ענגליש, פאַרקערט — מאַכן אים רייכער. און וואָס דער גורל זאָל ניט זיין פון יידיש און העברעאיש אין די לענ־דער פון אונדזער פאַרשפּרייטונג, מוזן מיר זיך קלאַמערן אָן די דאָזיקע יידישע שפּראַכן, ווייל אָן זיי קאָן יידישע דערציאונג ניט האָבן קיין טעם, און זיכער ניט דעם יידישן גייסט, וואָס האָט געלויכטן און וועט לויכטן אין אונדזער יידישן לעבן.

מיר זיינען אַנדערש. בעת ביי אַ סך עטנישע גרופּן זיינען זייערע שפּראַכן שוין לאַנג האַלב־טויט, האַלטן מיר נאָך זייער ווייט פון דעם, כאָטש אונדז איז ניט היימלעך. זעט, ווי מיר זיינען אַנדערש, ווי גרינג עס האָט אויפגעלעבט העברע־איש אין ישראל, און ווי עס רירט זיך ניט פון אָרט די אינדישע און אירישע שפּראַכן אין זייערע לענדער, ביי אַ סך בעסערע אומשטענדן...

ב) קלאָגן זיך אַנדערע, אַז מען וועט אין די טאָג־שולן חלילה דערציען אַ פרעמדן שבט, פרעמד צום אַמעריקאַנער לעבן.

אויך דאָ איז מען ניט גערעכט.

הונדערטער טויזנטער אַמעריקאַנער, פון די רייכערע קלאַסן, צווישן זיי אַ סך קאָנגרעס־מיטגלידער, גובערנאַטאָרן, ריכטער פון העכסטע געריכטן, פּראָפעסאָרן, גרויסע געלערנטע (צווישן זיי אַזאַ הערלעכער פּרעזידענט, ווי פ. ד. רוזוועלט), וואָס האָבן זיך דערצויגן אין פּריוואַטע שולן, זיינען קיין פרעמדע צום אַמערי־קאַנער לעבן, צו דער אַמעריקאַנער טראַדיציע, ניט אויסגעוואַקסן. גייסטיק רייכער, — דאָס יאָ.

דזשאָזעף ל. בלאו ברענגט אין דעם „דזשואיש פראָנטיער" אַ דערקלערונג פון פרעדעריק ג. האכוואלט, דעם דירעקטאָר פון דער קולטור־אָפּטיילונג פון דער „קאַטוילישער וואווילזיין־קאָנפערענץ", אַז די פּראָגראַם צוצופּאַסן זייערע קינדער צום אַמעריקאַנער לעבן איז נאָענט צו דער פּראָגראַם, אַנגענומען איבערן גאַנצן לאַנד, פון אַלע מינים שולן, און אַז אַלע אַקטיוויטעטן פון די קינדער אין זייערע שולן אונטערשיידן זיך ניט פון אַלע שולן איבערן לאַנד, אונטערשיידן זיך ניט און קאָאָפּערירן, אפילו די טעקסטביכער זיינען די זעלביקע. מען קאָן זיך אָנ־שטויסן, אַז צו דעם אַלעם, וואָס אַ קינד קריגט אין דער אַלגעמיינער שול, ווערט נאָר צוגעגעבן עפּעס זייערס.

פאַרוואָס זאָלן מיר פאַרגעסן, אַז חוץ אין דער טאָגשול, וואו דאָס קינד פאַרברענגט נאָר 5 מאָל אין וואָך, און נאָר צו האַלבע טעג, און ניט קיין פולע 10 חדשים אין יאָר (ווען פרייע פון לערנען טעג אַראָפּגערעכנט, איז עס העכסטנס נאָר

9 חדשים אין יאָר) אַז חוץ אין דער טאָגשול לעבט דאָס קינד (איר הערט? — לעבט( אין אַמעריקע צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע קינדער איבערן לאַנד. דאָס קינד לייענט די אַמעריקאַנער פּרעסע, די אַמעריקאַנער שפּאָסיקע זייט אין דער צײַ־טונג, די אַמעריקאַנער „קאָמיקס", גייט אין דעם אַמעריקאַנער קינאָ־טעאַטער, הערט זיך צו צו דער ראַדיאָ, און רייסט זיך ניט אָפּ פון דער טעלעוויזיע, הערט זיך צו צו אַמעריקאַנער מוזיק, שפּילט אַמעריקאַנער שפּילערייען, ווערט אויך „פאַרקאָכט און אויפגעקאָכט" ביי די בייסבאָל־און פוטבאָל־שפּילערייען און שפּילט זיי אליין, — ווי קאָן זיך דאָ שאַפן אַ פרעמדער שבט אין אַמעריקאַנער לעבן? דאָס וועט דאָך יעדערער צוגעבן, אַז דער אַרום, די סביבה, די היים איז דעצידירנדיקער אין דערציאונג.

יאָ, אין דער אַלטער היים אונדזערער זיינען מיר טאַקע געווען אַ פרעמדער שבט, ניט נאָר ווייל מען האָט אונדז געשטויסן פון זיך, געדרודפט, געיאָגט פאַר־גראַמירט, געשחטן, — נאָר ווייל מיר אַליין האָבן געוואָלט זיין אָפּגעזונדערט. ווער פון אונדז, און אויב יאָ, וויפל פון אונדז, האָבן געקאָנט די שפּראַך פון לאַנד, פון אונדזערע שכנים? ווער איז געגאַנגען, און אויב יאָ, וויפל פון אונדז זיינען גע־גאַנגען אין זייער טעאַטער, צו זייערן אַ קאָנצערט, געלערנט זיך אין זייערע שולן, זיך געשפּילט צוזאַמען? ווער און וויפל פון אונדז האָבן געהערט צוזאַמען אין קלובן, פאַרבראַכט צוזאַמען? ווער און וויפל פון אונדז פלעגן זיך קליידן, ווי זיי? קליידער מיט בונטע קאָלירן, קורצע רעק, גאָלן זיך, אַ בלישטענדיקער דאשעק, שיך מיט כאַלעוועס, — האָבן זיך געפּאַסט פאַר גויים... ווער פון אונדז האָט גע־פלאַנצט אַ גערטנדל לעבן הויז, זיך אינטערעסירט מיטן בוים, וואָס איז געוואַקסן פאַריתומט לעבן הויז, ווער? מיר האָבן געהאַט אַנדערע „בלומען", אַנדערע „גאָרטנס", אַנדערע „ביימער" — אין שטוב: דאָס איז געווען דער אַלמער מיט ספרים, רמבמס בילד, דעם ווילנער גאונס, יצחק אלחננס בילד, אַן אויסגענייטער מזרח אויף די ווענט — דאָס זיינען געווען אונדזערע „בלומען"...

היינט, טייערינקע, קומט אָקאָרשט אַריין אין אַ שטוב און זייט אַ חכם, גע־פינט אויס, וואָס פאַר אַ היים איז עס, ווער וואוינט דאָ: אַ ייד, אַ דייטש, אַ כי־נעזער... יאָ, אַז עס איז אַן אַמעריקאַנער היים, וועט איר גלייך דערקענען.

אַ פרעמדער שבט, וועט דאָ אויסוואַקסן? וואָס?

פונקט ווי אונדזערע יידישע קינדער אין דער אַלטער היים פלעגן אַמאָל אַזש „שלינגען" שלום עליכמס „מעסערל", „מאָטל פּייסי דעם חזנס ייִנגל", „את־רוג", „די פאָן", יעקב דינעזאָנס „יאָסעלע", אַזוי זיינען זיך אַלע קינדער דאָ, (די טאָג־שול־קינדער אויך!) מחיה מיט „פינקי לי", מיט „מיקי מאָוז", מיט „דאַ־דוויודו", מיטן „סופּערמאַן"; אַמאָל איז עס געווען „אָנקל סאָמס הייזקע", אַנדער־סאָנס צי גרימס מעשהלעך. נו, איז דאָס אַמעריקע, צי ניט?

שרייבט דר' מאַרקוס עליאָט, וואָס האָט דורכגעפירט אַן אונטערזוכונג אין איז ניו הייווען, קאָנעקטיקוט, אַז קינדער פון אַ טאָגשול, וואָס שייך אַמעריקאַ־ניזם אונטערשיידן זיך לחלוטין ניט פון אַנדערע אַמעריקאַנער קינדער. אויך ביי

זיי זיינען לינקאָלן, און וואַשינגטאָן, און רוזוועלט און, להבדיל, מילטאָן בערלע — זייער באַליבט. און פאַרוואָס ניט „דיק טרייסע" און דאָנאַלד דאַק, און בלאָנדי, און אייאדין, און באב האָופּ (ניט מאָטקע חבד, ניט הערשעלע אָסטראָפּאָלער, ניט כעלמער נאַראָנים). איך לייען אויך אַ סך פון די דאָזיקע „קונסט־ווערק", לאָך זיך אויך אָן אַ סך, אָבער דאָס נעמט פון מיר ניט אַוועק מיין ליבע צו ישראל בעל שם טוב, צו ישראל סאלאנטער, און צו אַנדערע ישראלס.

איך לאָז זעלטן דורך אַ שלוש סעודות אין אַ קאָנסערוואַטיווער שול, מען הערט פון רב אַ שטיקל תורה, מען זינגט זמירות, אַ מחיה. צו די דאָזיקע שלוש־סעודות קומען אייניקע קינדער פון אַ ישיבה קטנה, דערוואַקסענע שוין קינדער. איין קינדט שטעלט זיך אַוועק ביים עמוד און דאַוונט פאַרן עולם מנחה, אַ צווייטער איז אַ בריליאַנטענער בעל קורא. זיי גייען שוין יאָרן אין דער ישיבה קטנה, קענען אַ סך תורה, רעדן פריי אַ פּרעכטיקן העברעאיש, הערן זיך צום רבס תורה, רעאַגירן, ווי דערוואַקסענע, כאָטש דער דורכשניט עלטער זייערער איז אַרום 14—15 יאָר. איין מאָל נאָך מעריב דערהער איך קולות אויפן הויף. וואָס דענקט איז עס געווען? — עס איז געווען דער פוטבאָל־סעזאָן, האָט מען זיך „צעספּאָרעט", צעקאָכט, מחמת געווען „חסידים" און „מתנגדים" פון די אָדער יענע שפּילער...

אָט האָט מנשה אונגער אַ פרעג געטאָן אַ ישיבה־קטנה־בחורל, וואָס געפונען האָט ער אים ביים לערנען אַ בלאַט גמרא, צי ער האָט ליב, און צי ער איז בכלל פאַראינטערעסירט אין ספּאָרט. איך דאַרף אייך ניט זאָגן, אַז דער ענטפער איז געווען „יאָ", איר פאַרשטייט עס אַליין. איר קאָנט זיך משער זיין, ווי וואָלט מנשה אונגער אויסגעזען אין די אויגן פון אַ סלאָבאָדקער ישיבה־בחורל, ווען ער שטעלט אים די דאָזיקע פראַגע. דער ישיבה־בחורל וואָלט פון מנשה אונגערן אַנטלאָפן, ווי פון אַ משוגענעם.

דערציילט אונדז דער רעפאָרם־ראַבאַי הערבערט וויינער אין זיינע אַרטיקלען אין „קאָמענטאַרי", אַז ווען ער איז צוגעקומען צו אַ ליובאַוויטשער ישיבה קטנה, האָט ער אויפן גאַס, בעת אַ הפסקה געזען קינדער שפּילן פאַרקאָכט אין בייסבאָל, און צוויי ישיבה־קינדער האָבן זיך געראַנגלט לויט אַלע כללים...

איר זעט דעם אונטערשייד פון אַ יידישן ישיבה־בחורל אויף יענער זייט ים, וואָס האָט זיך יאָ דערצויגן, ווי אַ פרעמדער אין לאַנד, און מיט רעכט... אָבער איז אַ ישיבה־בחורל דאָ, וואָס וואַקסט אַריין אין אַמעריקע מיט אַלע פיברען פון נשמה, „אַ פרעמדער שבט"? וואָס רעדט איר!

דער זעלביקער ד"ר מאַרקוס עליאָט שרייבט, אַז אין איין פּרט איז יאָ פאַראַן אַן אַנדערשקייט צווישן קינדער פון דער אַלגעמיינער שול און קינדער פון דער טאָגשול: אַמליבסטן האָבן טאָגשול־קינדער צו לערנען חומש, אָבער אַמבעסטן האָבן זיי ליב צו לייענען אַן ענגלישן בוך. און דאָס אַרט אונדז ניט, און עס איז קיין וואונדער ניט; זיי לעבן מער אין ענגליש און אין אַמעריקע, אָבער... מיר גיבן אין זיי אַריין נאָך „אַן אינגרעדיענס", נאָך אַ באַשטאַנדטייל, יידישקייט,

וואָס וועט צוגעבן זין און חן זייער לעבנס־נוסח; זיי וועלן לעבן העכער, גייסטיקער, שענער, און ממילא — גליקלעכער.

אַ יידיש קינד, וואָס לערנט אַלע לימודים פון דער אַלגעמיינער שול ביי זיך אין דער טאָגשול, לערנט זיך שפּעטער אין דעם אַמעריקאַנער קאַלעדזש, צי אין דער אַלגעמיינער מיטלשול (אין די העכערע קלאַסן); אַ קינד, וואָס לעבט (איר הערט, לעבט!) אין אַמעריקע, מיט איר פּרעסע, קונסט, לויט אַלע אַמערי־קאַנער טראַדיציעס, מיט איר שפּראַך, און קאָן נאָך צו דעם יידיש, צי העברעאיש, ציביידע שפּראַכן, תנך, גמרא, האָט גוואַלדיק ליב יידישע, העברעאישע ליטע־ראַטור, יידישע געשיכטע, אינטערעסירט זיך מיט יידישע פּראָבלעמען, האָט ליב אַ יידישן ניגון, — אַזאַ קינד האָט די געלעגנהייט אויסצוואַקסן אַ טיפערער אינ־טעליגענט, אָבער אויך אַ שענערער אַמעריקאַנער.

זאָגט אַנאַ בער ברעוויס אין איר בראָשור „יידישע דערציאונג" הייבט זיך אָן אין דער היים", אַז „מורא האָבן דאַרפן מיר נאָר, אונדזערע קינדער זאָלן ניט פאַרלירן אונדזער יידישע גייסטיקע ירושה, וואָס דאָס העלפט זיי צו ווערן גוטע אַמעריקאַנער". ווייל אַלע אידעאַלן, וואָס באַפליגלען אַמעריקע, וואָס מאַכן אַמע־ריקע גרויס, וואָס דאָס איז דאָס גאָלד פון אַמעריקע, איז באַאיינפלוסט געוואָרן פון אונדזער תורה. תורה־וויסן קאָן נאָר פאַרשטאַרקן אַמעריקאַנישקייט, זי דערהייבן נאָך העכער.

מען האָט ביי אונדז סעפּאַרירט אמונה פון מלוכה, אָבער ניט פון לעבן; פון שול אויך ניט; פון גאַס, פון דער ראַדיאָ, פון דער טעלעוויזיע, אוודאי ניט; די קריסטלעכע אמונה, איר גייסט, רייסט זיך מיט גוואַלד אַריין אין אונדזערע יידישע היימען. מעגן מיר און מיר דאַרפן, — מעג עס אפילו זיין אַ האַרעלע אויפן חשבון פון סופּער־פּאַטריאָטיזם, פון לאָיאַליטעט, פון פולער איינגעבירגערט זיין אין לאַנד — מעגן מיר און מיר דאַרפן געפינען מיטלען, ווי אָפּצוציען אונדזערע קינדער פון דער אַרומיקער קריסטלעכקייט און דערנענטערן זיי צו אונדזער יידישקייט.

איך צווייפל שטאַרק, צי אירלענדער, צי סקאָטן, בריטישע צי האָלענדער, דאָ אין לאַנד, טראַכטן אפילו פון דעם, און שרעקן זיך ווען־עס־איז, אַז דאָ און דאָרטן קאָן מען זיי חלילה באַשולדיקן אין שוואַכער לאָיאַליטעט צו אַמעריקע. ביי אונדז אָבער איז די שרעק שוין אַריין אין בלוט מקדמונים, ווען פּרעה האָט געטענהט, אַז די יידן זיינען ניט לאָיאַל, אַזוי דענקט ער, און זיי קאָנען נאָך אַריבערגיין אויף דער זייט פון שונא אין צייט פון אַן אָנפאַל. דאָס איז דאָך די זעלביקע מעשה געווען אין אַמאָליקן רוסלאַנד. צוערשט אונטערדריקט מען, פאַגראָמירט מען, פירט מען איין געזעצן קעגן די יידן, — און דאַן הייבט מען אָן צו צווייפלען אין זייער פּאַטריאָטיזם. אָבער דאָ אין אַמעריקע איז דאָך גאַנץ אַנדערש די לאַגע. מיר זיינען גאָר הייסע פּאַטריאָטן פון לאַנד — דאָס לאַנד פאַרדינט עס כשר — אָבער די שרעק פון למה יאמרו הגוים איז אין אונדז. געדעכט איז געווען בראַנדעיס, וואָס האָט געזאָגט, אַז דאָפּלטע לאָיאַליטעט, צו מיין פאָלק און צום לאַנד טויג ניט, ווען זי איז אין ווידערשפּרוך; דערגאַנצט זי אָבער איינע די אַנדערע —

איז זי גאָר אַ געזונטע דערשיינונג. ביידע לאָיאַליטעטן באַפּרוכטיקן, באַזאַפטיקן איינע די אַנדערע. דאָס מוזן פאַרשטיין די בעסערע אַמעריקאַנער, ניט די פינצטער־לינגען, וואָס זיי וועלן מיר קיינמאָל ניט איבערצייגן, ווייל זיי זוכן נאָר אונדזער אומגליק, אונדזער טויט, — און אויף דער פשרה קאָנען מיר ניט איינגיין, דעם פאַרגעניגן קאָנען מיר זיי ניט פאַרשאַפן. דאָס שרעקן מיר זיך, יידן, מיר.

מען האָט אין אַמעריקע זיך אפילו ניט פאַרטראַכט, צי מען זאָל אַנפאַרטרויען אייזענהויערן די קאָמאַנדע אין מלחמה קעגן דייטשלאַנד. מען האָט געוואוסט, אַז ער שטאַמט פון שווייצאַרישע אורעלטערן, אַ קשיא אויף אַ מעשה, אפשר האָט ער אין זיך אויך דייטשיש בלוט; שפּעטער האָט מען אים אויסגעקליבן פאַר פּרעזי־דענט. וועגן רוזוועלטן דערציילט מען, אַז ער פלעגט מיט התלהבות ליב האָבן צו זינגען האָלענדישע לידער; די שרעק אין אונדז לאָזט אונדז ניט אָפּ. ווען אייזענהויער איז אַ ייד, וואלטן מיר זיך געשראָקן, מחמת ווען מען פאַרלירט די מלחמה, וואלט אויסגעגאַנגען דער אומגליק צו אונדזערע קעפּ, מען וואלט באַ־שולדיקט אייזענהויערן אין פאַרראַט. דער אומגליק איז אין אונדזער שרעק און אין דער ספּעציפישער לאַגע פון אונדז, יידן, איבער גאָר דער וועלט...

ווי קאָן דאָ בכלל זיין אַ סתירה צווישן אונדזער טיפער יידישקייט און דער טיפער אַמעריקאַנישקייט, אַז אין דער דאָזיקער אַמעריקאַנישקייט, אויסגעדריקט אין דער „דעקלאַראַציע פאַר אומאָפּהענגיקייט", אין דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטו־ציע, אין די רייד פון די בעסטע זין פון אַמעריקע — ליכטיקן גאָר אַרויס פונקען פון אונדזער תורה?...

אויב יאָ זיך שרעקן, דאַרפן מיר זיך שטאַרק שרעקן, אונדזערע קינדער זאָלן ניט פרעמד בלייבן צו זייער אייגענעם „שבט" — דאָ ליגט די סכנה פאַרן מנוחת הנפש פון יידישן קינד.

וואָס זאָל טאָן אַ יידישער ייד, געבוירן דאָ אין לאַנד, אָנטייל גענומען אין דער לעצטער וועלט־מלחמה, צי אין דער ערשטער, צי אין דער קאָרעער, וואָס וועט אויפן ערשטן רוף ווידער זיך שטעלן מיט לייב און לעבן פאַרטיידיקן די פרייהייט, די אומאָפּהענגיקייט פון זיין לאַנד, זי הייליקן מיט זיין בלוט און גרייט זיין זיינע קינדער צו שיקן אין פייער פאַר אַמעריקע, — וואָס זאָל ער טאָן, ווען ער וויל צו דעם אַלגעמיינעם וויסן פון זיין קינד צוגעבן יידישע גייסטיקייט, וואָס איז אין גייסט פון אַמעריקע, וואָס? ווי אַז ער זאָגט, ער וויל עפענען אַ שול פאַר זיין קינד מיטן בליק אויף די דאָזיקע הייליקע פאַר אים ווערטן, וואָס, מחמת אַ סך סיבות, נייטיקט זיך זיין קינד אין דעם, ווי אין לעבן; ווי אַז ער וויל עפענען אַזאַ שול, וואו זיין קינד וועט זיך לערנען צוזאַמען מיט נאָך יידישע קינדער, אָבער לעבן און טאַנצן זינגען און פאַרברענגען, זיך שפּילן וועט זיין קינד מיט אַלע אַנדערע קינדער אין דער שכנשאַפט; אַז עס וועט לייענען די אַלגעמיינע פרעסע; אַז זיין קינד וועט ער דערציען אין די טראַדיציעס פון אַמע־ריקע; אַז לערנען, הייסט עס, וועט עס אַלץ, מקיים זיין אַלץ, בפועל ממש אַלץ, זיך שווערן געטריישאַפט צו דער פאָן; נאָר וואָס, ער וויל צו דעם אַלעם עפּעס

וואָס צוגעבן, צוגעבן פון דעם קוואַל, פון וועלכן אַלץ, וואָס איז שיין און הערלעך אין אַמעריקע ציט די יניקה, — מעג ער עס?

בויען פּראָטעסטאַנטן טאָגשולן, ווייל זיי ווילן זייערע קינדער געבן מער; בויען אַזוינע שולן אייגענע די קאַטאָליקן, ווייל זיי ווילן שטאַרקן זייער אמונה, אָנהאַלטן זייערע מנהגים, זייער רעליגיעזן גייסט אין די קינדער. נאָר מיר יידן, דער עם ספר, דער עם פון ספר הספרים, מיר יידן זיינען הינטערשטעליק, ביי אונדז האָט מען מורא פאַרן מה יאמרו הגויים.

לייען איך אין „ניו יאָרק טיימס", אַז שוין אין 1952 האָבן דריי און אַ האַלבן מיליאָן קאַטוילישע קינדער געלערנט אין די קאַטוילישע טאָגשולן, און פיר־הונדערט טויזנט אין זייערע קאַטוילישע קאָלעדזשעס, צוזאַמען גענויע 4 מיליאָן... איר קאָנט זיך משער זיין, וויפל הונדערטער טויזנטער, דערצויגענע אין די קאַטוילישע שולן, האָבן זיך אין משך פון יאָרן און יאָרן באַטייליקט אין מלחמות, פאַרטיידיקנדיק זייער אַמעריקע; וויפל הונדערטער טויזנטער פאַרנעמען הויכע אַמטן; וויפל פון זיי פאַרנעמען הויכע פּאָזיציעס אין אינדוסטריע, אין פינאַנץ, אין קולטור, אין לעבן פון זייער אַמעריקע. די דאָזיקע פיר מיליאָן און די הונדערטער טויזנטער פון די פּראָטעסטאַנטישע טאָגשולן זיינען ניט קיין פרעמדער שבט. מיר, יידן, ציילן ליידער נאָר אַרום 50 טויזנט קינדער אין די טאָג־שולן אין אַמעריקע, קאַנאַדע, מעקסיקע און אַרגענטינע... 50 טויזנט...

דערציילט מיר אַ קאָנסערוואַטיווער רב, אַז ער אַריין אין אַ דריטן קלאַס פון אַ געוויסער העברעאישער טאָגשול און... אַרויס מיט טרערן אין די אויגן פאַר פרייד. קינדער אין אַזאַ נידעריקן קלאַס האָבן זיך גרינג געקאָנט דורכשמועסן מיט אים אין העברעאיש. פון אַ גמרא־קלאַס, פון 14־יאָריקע קינדער, האָט ער זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן. און עס איז קיין וואונדער ניט. אַנשטאָט צו לערנען 2—3 מאָל אין וואָך צו איין שעה (און ניט יעדע וואָך איז עס פולע 2—3 מאָל) לערנט אַ טאָגשול־קינד יידישע לימודים 5 מאָל אין וואָך צו דריי שעה, און רעגולער, און סיסטעמאַטיש! און ווייל די שטימונג איז אַן אַנדערע, ווי אין דער אַרויפגעצוואונגענער אויפן קינד נאָכמיטאָג־שול, וואָס רייסט אָפּ דאָס קינד פון שפּיל און פון אָנטיילנעמען אין פאַרשיידענע קידער־פאַרוויילונגען, ווייל די שטימונג איז אַן אַנדערע, און ווייל עס איז אַ נאָרמאַלע שול, און ווייל דאָס קינד אַליין זעט, אַז עס לערנט זיך עפּעס אויס, און ווייל אַלע אַנדערע קינדער זיינען אין דער צייט פון טאָג אין די שולן, אַלע גייען אין שול (ווי דער פאַל איז אַמאָל, גאָר אַמאָל געווען, ווען אַלע, אַלע קינדער פלעגן גיין אין דער נאָכמיטאָג־שול), ווייל אַזוי קריגט דאָס קינד ליב די שול און קאָן זוכן צו באַאיינפלוסן עלטערן אַריינצוברענגען דעם גייסט פון דער שול אין שטוב אַריין, ווי מען זעט עס אויף טריט און שריט. אַזוי אַז די טאָגשול קאָן אונדז אומקערן די היים.

הלוואי בין איך אַ שרייבער, הלוואי קאָן איך מאָלן דאָס בילד, אָפּשפּיגלען די פרייד, וואָס האָט זיך געטראָגן פון קינדער צו די עלטערן, און פון עלטערן צו קינדער בעת אַ פייערונג; די זעלביקע פרייד, רואיקייט, נאָרמאַלקייט, קאַ־

אָפּעראַציע האָב איך דערפילט אין די קלאַסן... עס האָט מיר דערמאָנט אונדזער אַמאָליקן נעכטן, אַט מיט אַרום 30—35 יאָר צוריק.

איר וואָלט געדאַרפט לייענען ח. ש. קאַזדאַנס בוך איבער דער „געשיכטע פון יידישן שול־וועזן אין פוילן". איך פאַרזיכער אייך, אַז איר וועט פאַר זיך זען אַ הערלעך בילד פון אַ יידישער גין־גאָלד־תקופה. איר וועט דעמאָלט קלאָרער פאַר זיך זען, ווי גערעכט איז דאָ אברהם יהושע העשל, ווען ער באַהויפּטעט אין זיין אָפּשאַצן די יידישע מזרח־אייראָפּעישע תקופה, ווי די סאַמע גאָלדענע עפּאָכע אין יידישן לעבן אין חוץ לארץ. דאָרטן, אין קאַזדאַנס בוך, געפינט איר פאַקטן (איך ברענג זיי ערגעץ וואו אַנדערש אין מיין אַרבעט), וואָס ווייזן, וואָס פאַרא איינפלוס קינדער, וועלכע קריגן אַ תוכיקע יידישע דערציאונג, האָבן אויף זייערע עלטערן, אויף זייערע היימען. אפילו קינדער, וואָס פלעגן פאַרברענגען אַ קורצע צייט אין מעדעם־סאַנאַטאָריע, וואו מען פלעגט אַרומרינגלען קינדער מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און באַהויכן מיט אַזוי פיל קדושה, אפילו די קינדער, וואָס פלעגן אָפּטמאָל קומען פון אַסימילירטע היימען, פלעגן דורכפירן רעוואָלוציעס אין זייערע היימען.

דער זעלביקער ח. ש. קאַזדאַן, דער וועטעראַן און דאָס האַרץ, וואָלט איך געזאָגט, פון יידישן שול־וועזן אויף יענער זייט ים, האָט אַמאָל געשריבן אין „קולטור און דערציאונג", אַז ער איז אַמאָל, מיט אַרום 50 יאָר צוריק, געווען לערער אין אַ רוסישער שול פאַר יידישע קינדער. אויף די ווענט זיינען געהאנגען שטרענגע מעלדונגען, מען זאָל ניט סמייען צו רעדן יידיש אין די הפסקות אפילו. נו, האָט ער איין מאָל (בגנבה משמעות...) פאַרגעלייענט פאַר די קינדער עפּעס־וואָס פון שלום עליכמען. די קינדער זיינען פּשוט אויפגעציטערט געוואָרן פאַר פרייד, פון הנאה. דעמאָלט איז קיין קונץ ניט געווען, האָב איך געוואָלט שרייבן גאַזדאַ־
פון הנאה. דעמאָלט איז קיין קונץ ניט געווען, האָב איך געוואָלט שרייבן קאַזדאַ־
נען, צו דערציען... אָבער וואָס טוט מען היינט? היינט, וואָלט איך געענטפערט, דאַרפן מיר זיך אַריינוואַרפן בויען, בויען מיט אַלע כוחות טאָגשולן, ניט נאָר לטובת אונדזערע קינדער, נאָר אויך צו ווייזן עלטערן פעולה און צו העלפן אונדזערע קינדער דורכצופירן רעוואָלוציעס אין זייערע היימען. אונדזערע קינדער זיינען טאַקע ניט קיין רעוואָלטאַנטן, אָבער... מיר ווייסן פון אַ סך קינדער, אָט די שטילינקע, געלאַסענע, די „מיקי־מאַוז"־קינדערלעך, וואָס האָבן יאָ דורכגעפירט רעוואָלוציעס אין היימען פון זייערע סעקולאַריסטן עלטערן...

קינדער, וואָס קומען פון אַ פאָלק, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַלע שבעה מדורי גיהנום אויף דער וועלט, וואָס אין בלוט פון יעדן יידן, אין זיין נשמה, קאָן מען געפינען „איינגעגעסענע" שרעק, שפלות־געפיל, טיפע גייסטיקע וואונדן, — אַזוינע קינדער דאַרפן וויסן, זייער אַ סך וויסן פון זייער פאָלק, כדי זיך ניט צו פילן צו געפאַלן ביי זיך, כדי ניט באַהערשט צו ווערן פון אַנטיסעמיטישע שטימונגען...

צו שאַרף געזאָגט, האַ? שאַרף צי ניט שאַרף — דאָ ליגט אַ גרויסער אומגליק, אַ גרויסע סכנה; דאָס קאָן פירן צו זעלבסטהאַס, צו שעמען זיך און פיינט קריגן אייגענע עלטערן, פון וועלכע מען שטאַמט. ווידער צו שאַרף, האַ? הלוואי וואָלט

אין דעם קיין שפור אמת ניט געווען, הלוואי... אָבער מעג אַ הי־געבוירענער יוגנטלעכער, וואָס טראַכט און פילט (אַ סך טראַכטן ניט און פילן ניט, ביז מען דערלאַנגט זיי ניט איבערן קאָפּ, דעמאָלט הייבן זיי אָן צו טראַכטן און... ווייטיקן), מעג אַ הי־געבוירענער יידישער יוגנטלעכער זיך שווערן פאַר מיר, אַז ער פילט זיך ווי אַ פולקאָמענער אַמעריקאַנער, אַז קיין ברעקל שפלות־געפיל איז אין אים ניטאָ, — ווי ער זאָל זיך פאַר מיר ניט שווערן, בלייב איך ביי מיינס. מחמת ניט איין קינד, ניט איין יוגנטלעכער האָט זיך דאָ און דאָרטן אַרויסגעכאַפּט פאַר מיר מיט אַ וואָרט, וואָס האָט אָנגעדייט אַז טיף אין נשמה קומט פאַר אַ ויתרצצו, פירט זיך אַ מלחמה...

אברהם לעווקאָוויטש דערציילט אין „יידישן קעמפער" וועגן אַן אויספאָרשונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן איבער 100 יידישע קינדער, וואָס האָבן זיך גע־ווענדעט נאָך פּסיכישער טעראַפּיע. פופציק קינדער אין עלטער פון אַכט ביז 16 יאָר, און פופציק יוגנטלעכע אין עלטער פון 16 ביז 22 יאָר. עס וואלט געווען כדאי, יעדער לערער און יעדער פאָטער און מוטער זאָל דורכשטודירן דעם אַרטיקל און זוכן מער מאַטעריאַל איך וויל דאָ נאָר ברענגען, וואָס די אויספאָרשונג האָט געלערנט, ציטיר איך דאָ פון זיין אַרטיקל:

„עס איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז אַלע, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן זעלבסט־האַס און פיינטלעכקייט צו יידן, זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן ניט באַקומען קיין יידישע דערציאונג און האָבן ניט געהאַט קיין גוטע באַציאונג מיט זייערע עלטערן יענע קינדער און יוגנטלעכע וואָס האָבן באַקומען אַ יידישע דערציאונג, אָבער האָבן ניט געהאַט קיין גוטע באַציאונגען מיט זייערע עלטערן, האָבן אָנגע־וויזן, אַז זייערע עלטערן זיינען ניט געווען פרום, אַז יידישע עלטערן זיינען נערוועז, קעכלען און צעפּעשטשען צו פיל זייערע קינדער. קיינער פון זיי האָט אָבער ניט אַרויסגעוויזן קיין יידישן זעלבסט־האַס. פון אַלע אויסגעפרעגטע האָבן זעקס און פערציק דערקלערט, אַז ווען זיי קענען אויסקלייבן נאָך אַ מאָל געבוירן צו ווערן, וואָלטן זיי ניט אויסגעקליבן געבוירן צו ווערן יידן — אָט די אַלע האָבן ניט באַקומען קיין יידישע דערציאונג און האָבן ניט געהאַט קיין גוטע באַציאונגען מיט זייערע עלטערן".

איר הערט! צוויי אומגליקן: ניטאָ קיין גוטע באַציאונגען מיט עלטערן, דאָס איז איין אומגליק. און מיר האָבן אין אונדזער קאַפּיטל וועגן עלטערן אָנגעוויזן, אַז ווען עלטערן ווייזן אַרויס ליבע צו זייערע קינדער, דורך מעשים בכל יום, וועקט די ליבשאַפט אויף אין קינדער ליבשאַפט צו עלטערן, און דאָס איז דער בריק צו אַלץ, וואָס עלטערן איז ליב און טייער און הייליק.

און עס איז שוין לאַנג אונדז אָנגעזאָגט געוואָרן: בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאודך, אַז דו, פאָטער, אַז דו, מוטער, זאָלסט דערציען מיטן גאַנצן האַרצן, מיט דער גאַנצער נשמה, מיט אַלע כוחות אין דיר. דו, איר — ניט די שול, ניט דער לערער, ניט די דינסט... אַמאָל פלעגן מיר האָבן אויך זיידעס און באָבעס, וואָס האָבן געהאַט די טיפסטע השפעה אויף אייניקלעך דורך זייער לעבנס־נוסח. היים, הייסט עס, קודם כל, און דאַן תוכיקע דערציאונג. איר הערט! אָט די 46,

וואָס טראָגן זיך אַרום מיטן ווייטיק, וואָס זיי זיינען יידן, מחמת זיי וואלטן ניט אויסגעקליבן געבוירן צו ווערן יידן; אָט די, וואָס זיינען פאַר זיך אַליין אַן אומגליק, — האָבן קיין יידישע דערציאונג ניט געקראָגן... און ווי שווער עס איז צו זאָגן, אַז אַזוי מוזן פילן אַ סך, זייער אַ סך, וואָס האָבן געקראָגן יידישע דערציאונג אויפן שפּיץ מעסער... טענות צו עלטערן, דאָס איז איינס, אָבער זעלבסט־האָס און פיינטלעכקייט צו יידן!!!

וויטער שרייבט לעווקאָוויטש:

„אונדזער פאָרשונג באַווייזט, אַז אַפּגעשטויסענע יידישע קינדער קענען זיך ניט אידענטיפיצירן מיט זייערע עלטערן און זיינען געניגט זיי צו האָסן. אויב אַזעלכע קינדער האָבן ניט באַקומען קיין יידישע דערציאונג, זיינען זיי געניגט אַריבערצוטראָגן דעם האָס פון זייערע עלטערן צו זיך אַליין און צום גאַנצן יידישן כלל. די קינדער און יוגנטלעכע, וואָס קענען זיך ניט אידענטיפיצירן מיט זייערס גלייכן, מיט זייערע עלטערן און מיט זייער אייגענער מינדערהייט־גרופּע, אידענטיפיצירן זיך מיט דעם שונא, מיט די פאָראורטיילן און מיט דער שנאה פון דער הערשנדיקער מערהייט־גרופּע.

אויפן יסוד פון אונדזער קליניש־פּסיכיאַטרישער אויספאָרשונג קומען מיר דעריבער צו דער מסקנה: כדי צו העלפן יידישע קינדער דערגרייכן אַ פּאָזיטיווע פאַרשטעלונג פון זיך אַליין, וואָס זאָל זיי העלפן צו געפינען גאַנצקייט אין זיך; וואָס זאָל זיי געבן עמאָציאָנעלע זיכערקייט און די מעגלעכקייט צו געניסן פון לעבן אַזוי פיל, ווי עס איז מעגלעך אין אַ ניט־יידישער סביבה, — איז נייטיק פאַר די קינדער זיך צו אידענטיפיצירן מיט זייערע לעטערן און מיט זייער אייגענער יידישער גרופּע אין די סאַמע פריסטע קינדערשע יאָרן".

אויב עס וואלט אפילו יאָ געווען אַ שפּור סכנה פאַר „פרעמד־שבטקייט", וואלטן מיר געדאַרפט זיך דערמאָנען אין דעם אָנזאָג צו מעסטן נוצן מיטן שאָדן, וואָס די אָדער יענע האַנדלונג קאָן אַרויסרופן, הוה מחשב הפסד מצוה כנגד שכרה ושכר עבירה כנגד הפסדה. מער פאַר אַלץ דאַרפן מיר, הייסט עס, זיך שרעקן, אַ יידיש קינד זאָל ניט אָנהייבן צו טראַכטן: „אפשר... אפשר איז דאָס אַלץ אמת, וואָס די אומות העולם זאָגן וועגן אונדז, די גאַנצע וועלט קאָן דאָך ניט זיין משוגע... אפשר זיינען עס אַזוי געווען, און אַזעלכעס און אַזעלכעס האָבן געטאָן אונדזערע עלטערן, אורעלטערן אין דער אַלטער היים, אין דער „אַלדקאַנטרי", אַזוי, אַז הלוואי קומט מען אַרויס פון אַן אַנדער פאָלק, פון אַן אַנדער „סטאָק"...

און פאַרוואָס זיך גאָר ניט שרעקן פאַר עפּעס וואָס אַנדערש, פאַרוואָס זיך ניט שרעקן, וואָס אַ קינד, וואָס לערנט זיך אין דער אַלגעמיינער שול (וואָס טראָגט אַן אַנדער גייסט, ווי די יידישע נאָכמיטאָג־שול, וואָס די שפּראַך איז אַן אַנדערע), דאַרף יעדן טאָג, צי אייניקע טעג אין וואָך, דווקא ווען די גאַס איז פול מיט שפּילנדיקע קינדער, — בייטן דעם גייסטיקן „קלימאַט", זיך אַריינפּאַסן אין אַן אַנדער „לופט" דאָס קאָן גרינג ניט אָנקומען דעם יידישן קינד פון דער פוסטער, פון קולטור אויסגעליידיקטער היים.

שרייבט טאָקע וועגן דעם דער קאָנסערוואַטיווער רב פון איסט מידוואָודער יידישן צענטער, ד"ר הערי האַלפעריק, אַז אין דער טאָגשול ווערט דאָס קינד בהדרגה צוגעפּאַסט און צוגעגרייט צום יידישן און צום אַמעריקאַנער לעבן, אַז די טאָגשול באַזייטיקט די שוועריקייט פון צופּאַסן זיך יעדן טאָג צו צוויי „קלימאַטן".

מיר דאַרפן אויף אַ רגע ניט פאַרגעסן, אַז בלייבן ביים אַלטן מיינט נעמען אויף זיך בידים דעם טויט. אויב די תלמוד תורהס באַרימען זיך מיט בעסערע רעזולטאַטן, זיינען די דאָזיקע רעזולטאַטן אַזוינע מינימאַלע, אַז קיין שפּעטערישע יידן, קיין יידן, וואָס זאָלן פירן אַ העכערן גייסטיקן לעבנס־נוסח, האָבן זיי אונדז דערוויילע ניט געגעבן. געוויג זיך אַריינצוכאַפּן אין אַ בית־מדרש, כאַפּן אַ שמועס מיט „גלאָוונע" גבאים אפילו, געוויג צו כאַפּן אַ שמועס מיטן רב, מיטן חזן, מיטן שמש, און מיט די פאָר ייִדן, וואָס זיינען יוצאים מן הכלל, — און... רייסן קריעה דאַרף מען. זאָגט טאָקע שלמה ביקל, אַז „פאַרבלייבן ביי דער צוגאָב־שול מיינט זיך פּשוט ניט וויסנדיק מאַכן וועגן די רעזולטאַטן פון די פאַרלאָפענע 40 יאָר" דערציאונג־אַרבעט, דאָ אין אַמעריקע. ניט אונדזערע קינדער זאָלן ווערן פרעמדע צום אַמעריקאַנער לעבן, דאַרפן מיר זיך שרעקן; ניט מורא האָבן דאַרפן מיר, אונדזערע קינדער זאָלן ווייט זיין פון אַמעריקאַנער לעבן, צי אָפּגעזונדערט פון זייערע קריסטלעכע שכנים, — ניט פאַר דעם דאַרפן מיר מורא האָבן. מורא דאַרפן מיר האָבן, זיי זאָלן ניט ווערן צו נאָענט... וואָס קיין פאַרברעכן איז עס ניט, אָבער קיין געזונט קאָן זיי פון דעם ניט צוקומען. פאַר דעם שרעקן זיך אַלע ריכטונגען פון אַלע אמונות, ניט חלילה דערפאַר, וואָס מען האַלט זיך פאַר בעסערע, שענערע, פאַר גרעסערן יחוס, נאָר ווייל פאַראַן טיפערע סיבות זיך צו שרעקן פאַר דעם. אַנשטאָט דער מורא צו ווערן צו נאָענט, שרעקט מען זיך גאָר ביי אונדז פאַרן ווערן צו ווייט פאַר איזאָלאַציע. איז לאָמיר זיך דורכשמועסן וועגן איזאָלאַציע.

ג) פאַראַן נאָך אַ מין קעגנער פון די טאָגשולן; דאָס זיינען די, וואָס פאַר־שטייען, אַז קיין פרעמדן שבט וועט מען אין די טאָגשולן ניט דערציען; פרעמד צום אַמעריקאַנער לעבן וועלן די קינדער ניט זיין; זיי וועלן זיין פאָלגע אַמערי־קאַנער, מעגלעך, אַז בעסערע אַמעריקאַנער, — אָבער זיי זיינען קעגן איזאָלירן, קעגן אָפּטיילן אונדזערע קינדער פון די קינדער אין זייער שכנעשאַפט. פאַר איזאָלאַציע האָבן זיי מורא. אין דער אַמעריקאַנער שול, טענהן זיי, וואַקסן זיך צוזאַמען אַלע קינדער, אין לעבן איז עס זייער קאָמפּליצירט. די יידישע קינדער וועלן ניט געווג פריינד האָבן, ניט געווג נאָענטע, באַקאַנטע, ניט קאָנען דערמאָ־נען געמיינשאַפטלעך דערפאַרונגען פון קינדהייט, וואָס דאָס אַליין ברענגט מענ־טשן נאָענטער צוזאַמען. אָפט איז די נאָענטקייט זייער וויכטיק אפילו פון עקאָ־נאָמישן שטאַנדפּונקט, ניט נאָר פון געזעלשאַפטלעכן, ווען מען געהערט צו אַיין קלוב, צו איין אָרגאַניזאַציע. קינדער, טענהן זיי ווייטער, וועלן שפּעטער מקנא זיין אַנדערע, ווען דערוואַקסענע שוין; וועלן, הייסט עס, תמיד מקנא זיין די אין אַ קלוב, צי אין אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זעצן זיך אַוועק און דערמאָנען איינע די אַנדערע עפּיזאָדן פון זייערע קינדער־יאָרן; די דאָזיקע וועלן זיין אַ סך נאָענטער

איינע צו די אַנדערע, ווי זיי, „איזאָלירטע" אין זייערע קינדער־יאָרן. וואוינען דאָך אָפטמאָל געציילטע יידן אין אַ גאַס, די מערהייט זיינען אָפט קריסטן ווי ווייט וועלן אונדזערע קינדער זיין פון דער מערהייט שכנים זייערע, איז איבעריק צו מאלן, — טענהן אָט די קעגנער פון די טאָגשולן; ניט קיין פרעמדן שבט, דאָס איז אמת, וועט מען דערציען, נאָר זייטיקע מענטשן, ווי ביי־געקומענע, און איר ווייסט דאָך, ווי מען „באַקוקט", ווי מען „מעסט און וועגט", מיט וואָס פאַרא אומצוטרוי מען באַגעגנט נייע מענטשן...

אויך די דאָזיקע קעגנער זיינען ניט, גערעכט, גאָר ניט גערעכט; אויך זייערע מורא איז אַן אומזיסטע מורא.

אמת, עס איז ניט גוט, עס וואלט אַזוי ניט געדאַרפט זיין, ניט געטאָרט זיין, — אָבער אַזוי איז עס: יידישע דאָקטוירים, יידישע אַדוואָקאַטן, אינזשיניערן, סוחרים, פּראָפעסיאָנאַלן, אַרבעטער וואלטן זיך ניט אָפּגעזאָגט זיך צו חברן מיט די קריסטלעכע דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, אַרבעטער אאַ"וו, וואָס זיי זיינען מיט זיי צוזאַמען געגאַנגען אין דער אַלגעמיינער שול אין משך פון יאָרן און יאָרן, געזעסן אָפט אַ בענקל צו אַ בענקל, צוזאַמען געלערנט אין די קלאַסצימערן. די קריסטלעכע קאָלעגן אָבער ווייכן פון די יידישע, די מחיצה וועט מען נאָך דורות און דורות ניט קאָנען אָפּשאַפן. טיפע סיבות האַלטן אָן די דאָזיקע מחיצה. סוף־כל־סוף זאָלן מיר דאָך האָבן געקרייציקט... וויפל מען זאָל ניט אָפלייקענען, ווי מען זאָל ווייזן דעם אומזין, דעם היסטאָרישן שקר, דעם בלבול, — בלייבט עס אַן „אמת". — פאַר דער צייט האָבן זיך צו דעם בלבול „צוגעקלעפּט" מיליאָנען בלבולים.

ניט פאַר מיר זיך צו נעמען אויסרעכענען די סיבות, ניט פאַר מיר אָנצואַווייזן, ווי און ווען די דאָזיקע סיבות וועלן אַמאָל באַזייטיקט ווערן, איך גלייב, אַז זיי וועלן אַמאָל פאַרשווינדן, אָבער היינט האָבן מיר פאַר זיך די מחיצה, וואָס ניט מיר האָבן זי געשאַפן, און ניט דורכן גיין פון אונדזערע קינדער אין די אַלגעמיינע שולן וועלן זי אָפּשאַפן. ניט פון וואוילטאָג וועגן און ניט פון פאַרגעניגן וועגן האַלטן די שרעקעוודיקע פאַר איזאָלאַציע און פאַר פרעמד־שבטקייט אָן באַזונדערע, „איזאָלירנדיקע ווייעם־איטשעס" און אַנדערע איזאָלירנדיקע קינדער אָרגאַניזאַציעס. זיי טוען עס, ווייל עס „מישט זיך ניט". ניט מיר איזאָלירן זיך, מען איזאָלירט זיך פון אונדז. איז אויב יאָ אַזוינע ספּעציעל יידישע צענטערס פאַר קינדער — פאַרוואָס ניט קיין שולן? אין שול לעבן ניט קיין קינדער, אין שול לערנען זיי זיך נאָר — איז איזאָלאַציע גוט? איז זי געזונט?

זי איז פאַראַן, די איזאָלאַציע, צי מיר ווילן, צי מיר ווילן ניט; זי איז פאַראַן, די מחיצה צווישן די קריסטלעכע קינדער און אונדזערע, און זיי וועלן עקזיסטירן דורות. מחמת ניט אַזוי גרינג וועט מען „אויסברענען" די „וואָרצלען", וועט מען קאָנען באַזייטיקן די סיבות, — זיי ליגן אויסער אונדז, און זיי האָבן זיך צו טיף אַריינגעגעסן אין בלוט פון אונדזערע שכנים. די סיבות האָבן זיך אַזוי טיף אַריינגעגעסן אין זייער רעליגיעזן, געזעלשאַפטלעכן און עקאָנאָמישן לעבן, אַז

צו באַזייטיקן זיי וועט מען דאַרפן אומוואַרפן אַזוי פיל „גייסטיקע" זיילן, אַז איין גאָט ווייס, צי די איצטיקע געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג וועט עס קאָנען... און שפּראָצונגען, — אמת, פאַרקריפּלטע — פון אַ נייער געזעלשאַפט האָבן באַוויזן, אַז אויך אין זיי איז די מחיצה ניט געפאַלן, די סיבות ניט פאַרשוווּנדן; און אפילו שפּראָצונגען, וואָס האָבן זיך ניט אָפּגעריסן פון עטיק און מאָראַל אין זייער וועג צו דער נייער געזעלשאַפט, האָבן צו אונדז, יידן, אַרויסגעוויזן רשעות, — לאָמיר עס אָנרופן מיטן נאָמען: „בעוויניזם"... דער אָפּזאָץ, דער ביי־טעם אפילו פון די זקני־ציון־פּראָטאָקאָלן, פון די בלבולים, פון דעם בלוטיקסטן בלבול, אַז מיר ניצן קריסטלעך בלוט אין מצה, און דער בלבול פון קרייציקן (בעת ביי אונדז איז גאָר אַזאַ מעטאָד ניט אָנגעווענדט געוואָרן ביי טויט־שטראָף), — דאָס אַלץ וועט נאָך פינצטערן אונדזער לעבן אַ סך יאָרן, — אפילו נאָך דעם, ווי די מענטשהייט וועט שפּאַלטן דעם ים פון סם, און אַרויסקומען אויף דער „יבשה".

אַזוי אַז ווען אפילו עס איז פאַראַן אַ געוויסע געפאַר פאַר איזאָלאַציע, דאַרף אונדז גיין אין לעבן אָנצוגיין מיט די טאָגשולן, געבן אונדזערע קינדער אַ תוכיקע דערציאונג, כדי דער סם, מיט וועלכן מען האָט געסמט אונדזער לעבן, זאָל אונדזערע קינדער ניט פינצטערן, זיי זאָלן זען דעם אמת, זיי זאָלן זיך אָנזאַפּן מיט אַ סך זון, זיך פאַרטיפן אין וואָס מער יידיש וויסן, זיך דערהייבן צו די העכסטע הימלען, זיי זאָלן קאָנען מבטל זיין די באַשולדיקונגען, און רחמנות האָבן אויף די, וואָס דער סם אין זיי לאָזט זיי אויך ניט לעבן רואיק, אָט ווי ה. לייוויק ווייזט אונדז אין „גולם", ווען טאַדעאוש זאָגט: „מיר זיינען מיד שוין לאַנג פון אונדזער האָס צו אייך, פון אונדזער ברענענדיקער רציחה... אונדזער הארץ וויל רו און פרידן". די וועלט וועט אַמאָל קומען צו דער דאָזיקער רו און דעם דאָזיקן פרידן, אָבער... אַ לאַנגער וועג צו דעם! דערווייל דאַרפן מיר זיך זאָרגן פאַר רו און פרידן פון אונדזערע קינדער...

קוקט זיך צו, און אויב איר האָט אַ שוואַך האַרץ — טוט עס ניט; קוקט זיך צו, און אויב איר קאָנט זיך ניט קאָנטראָלירן פון אַ היסטאָרישן געוויין — טוט עס ניט; קוקט זיך צו, ווי נאָך יונגע קריסטלעכע קינדער וויכן פון יידישע אין די אַלגעמיינע שולן; קוקט זיך צו, ווי אונדזערע קינדער זעען עס אומבאַוואוסטזיניק, זעען און וויטיקן. איך וויל, אונדזערע קינדער זאָלן זיך באַגעגענען מיט דעם אומגליק נאָר דעמאָלט, ווען זיי האָבן געשמאַק און אַ סך שוין געטרונקען פון אונדזער קוואַל...

איך קאָן אַ מיידעלע, 6 יאָר אַלט איז זי. זי איז אַזוי צאַרט, סענסיטיוו, געפּילפּול, אַזוי האַרציק, אַז איר מוזט זי ליב האָבן און... אויך רחמנות האָבן אויף איר, מחמת אַזוינע האָבן אַ שווער לעבן אין אונדזער וועלט. צעקריגן זיך קינדער, מישט זי, די 6 יאָריקע, זיך אַריין פאַר שלום, זי זוכט צו פאַרגיטיקן ביידע צדדים מיט עפּעס וואָס, אבי שלום. באַליידיקט עמעצער זי, דערלאַנגט עמעצער איר אַ קלאַפּ, נו, מען דאַרף האָבן אַ האַרץ פון אייזן צוצוזען איר פאַר־שווייגן, איר נעמען. געבן צוריק? חלילה! אין אַ מינוט אַרום שמייכלט זי שוין

צום „גזלן" צי צו דער „גזלנטע", מישטיינס געזאָגט. דאָס קינד באַדט זיך אַזש אין ליבע פון אירע עלטערן. איר וואָלט דאַרפן זען, ווי זי לאַשטשעט זיך צו זיי. וואָס קומט מיר דערפאַר, און זאָל מיך דער אייבערשטער שטראָפן, ווען איך זוך, אַז אָט דאָס קינד, צי אַנדערע יידישע קינדער זאָלן זיך באַגעגענען מיט רשעות, מיט שנאת חינם, מיט שנאה, ערשט ווען זיי וועלן זיין עלטער, יידישלעך „אויס־געוואַרעמט"; אַז דאָס זאָל זיי ניט דערשיטערן אין די יינגסטע יאָרן, זיי זאָלן זיך מיט דעם באַגעגענען, ווען מער גייסטיקע כוחות זיינען שוין אין זיי פאַרלייגט; וואָס קומט מיר דערפאַר, ווען אפילו איך בין אַ ביסעלע עובר אויף פרעמד־שבט־קייט, אָדער אויף אַ קאָפּעטשקע איזאָלאַציע, — אפשיטא, אַז ניטאָ, לחלוטין ניטאָ וואָס מורא צו האָבן פאַר דעם.

און נאָך וואָס: טאַטעס און מאַמעס, וואָס שרעקן זיך אַזוי שטאַרק פאַר איזאָלאַציע, זיינען גאָר ניט אַזוי גליקלעך, ווען זייערע קינדער פאַרברענגען, גייען אַרויס צוזאַמען מיט קריסטלעכע קינדער צו אַ טאַנץ. וועגן זיך משדרך זיין איז אָפּ־גערעדט. ניט נאָר מיר, יידן, שרעקן זיך פאַר דעם. אונדזער י. י. שוואַרץ מאָלט אונדז אין זיין „קענטאָקי" אַזאַ בילד, אָט ווי ער קען: דזשייקאָב הייבט אָן איינצו־לאָדן וויוויאַן, אַ קריסטלעך מיידל, וואָס אַלע האָבן זי אין שטוב ליב געהאַט אהבת נפש, און... עס קומט צו אַ שידוך. דער פעטער, וואָס ביי אים האָט זיך דערצויגן, וויוויאַן די פלימעניצע, קומט צו זיין שכן, דעם יידן, וואָס זיין זון האָט עס חתונה מיט זיין פלימעניצע. איר זעט דאָ דעם תהום, די מחיצה, איר זעט דאָ דעם סם, וואָס רייסט זיך אַרויס פון דעם קריסטלעכן מחותן. איר הערט דאָ, אַז גלייבן האָט ער ניט געקאָנט זיינע אויערן, — זיין „ברודערס טאָכטער און דער ייד? אַ פיינע פּאָר!" ווען זיין ברודער האָט לעבט „וואָלט עס מסתמא דערצו ניט געקומען". ער גייט אַרום „די לעצטע פּאָר מאָנאַטן דול" ער שעמט זיך אויפצוהייבן „זיינע אויגן". דערוויסט ער זיך גאָר, אַז ער, דער ייד, איז „גאָר פלאַם־פייער, אַרויס־געטריבן פון געשעפט דעם זון, און גיי האָב טענות; נו, דערלעבט זיך צייטן". אַז ער דערהערט פון דעם יידן אַזו, ער דער ייד, דער פאָטער, האָט גאָר ניט געזוכט דעם יחוס, איז דער קריסטלעכער מחותן אָנגעצונדן געוואָרן. און דאָ הערט איר שוין וועגן דער קרייציקונג, וועגן דעם, אַז דער ייד איז געקומען אַהער „ווי אַ בעטלער, אַ ציגיינער, אָפּגעריסן, זיך אַרומגעשלעפּט אויף אַלע וועגן, צעדאַרט, צעקוואַרט מיט משא אויף די פּלייצעס, און איצט..." די מוטער זיצט און גיסט ביטערע טרערן אויף איר גרויסן אומגליק. דער ייד, דער פאָטער, האָט עס מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן, ניט געקאָנט מער אַריבערטראָגן די שנאת חינם, די שטעכווערטלעך, ווי פאַרריסנקייט, — ער האָט זיך אויפגעשטעלט, און אָנ־ווייזנדיק אַז דאָס וואָס ער פאַרמאָגט, האָט ער אויף דעם שווער און ביטער גע־אַרבעט, טאָג און נאַכט געאַרבעט, אָפּגעשפּאָרט אַ סענט צו אַ סענט פון זיך; אָבער וואָס אים ווייטיקט, איז דווקא דאָס, וואָס ער, זיין (פינצטערע יאָרן...— מ. ב.) מחותן האָט דערמאָנט, די קרייציקונג. מחמת „עס קען זיין, מיט יאָרן שפּעטער, אַז עס וועט דער פלאַם פון יונגן בלוט זיך אָפּקילן, וועט ער, מיין זון,

דאָס אייגענע דערהערן פון מויל פון אייגן ווייב, זיין פלייש און בלוט (זיינע אייגענע קינדער...—מ. ב.) און דאָס וואלט זיין שרעקלעך".

טייערינקע, טראַכט זיך אַריין אין די לעצטע פּאָר שורות: ווי טיף, ווי געניאַל, וויפל בלוט און טרערן איר דערפילט אין זיי...

קעגן געמישטע חתונות זיינען מיר, ניט דערפאַר, חלילה, וואָס מיר האַלטן זיך העכער, און אונדזערע שכנים נידעריקער; נאָר ווייל עס מישט זיך ניט, די מחיצה איז אַ ים בלוט, אַ ים טרערן. אָבער אפילו די קאַטוילישע און פּראָטעסטאַנטישע עלטערן זיינען גאָר ניט גליקלעך. פאַרקערט, זיי זיינען זייער אומגליקלעך, ווען זייערע קינדער האָבן חתונה מיט קינדער פון עלטערן פון אַנדערע דענאָמינאַציעס, אפילו קאַטוילישע מיט פּראָטעסטאַנטישע מישן זיך ניט... און ניט דערפאַר זיינען זיי אומגליקלעך, וואָס דער אָדער יענער איז זייער פרום, צי זייער איבערגעגעבן זיין קלויסטער, נאָר דערפאַר וואָס שפּעטער אין לעבן איז עס אַן אבן נגף אין פאַמיליע־לעבן, און דערפאַר וואָס די קינדער זיינען גאָר צעטומלט „קאָנפיוזט". ווי צום בחור, דעם יידישן, וואָס פילט זיך אַזוי פרעמד צווישן זיינע נייע קרובים; און ווי צו איר, זיין פרוי, אפילו ווען זי האָט זיך מגיר געווען, יוצאים מן הכלל זיינען זייער זעלטענע דערשיינונגען.

פאַראַן אַ פראַנצויזיש ווערטל, אַז „מיר האָבן ניט אַלע מאָל חתונה מיט דער, צי מיט דעם, וואָס מיר ליבן, נאָר מיר לערנען זיך אויס ליב צו האָבן איינע די אַנדערע נאָך דער חתונה". קומען קומט דאָס ווערטל משמעות פון אונדזער תורה, ווי דען אַנדערש? האָט איר שוין וואו־עס־איז, ווען־עס־איז געטראָפן טיפע לעבנס־הכמה ערגעץ־וואו אַנדערש? קומען קומט, הייסט עס, דאָס ווערטל משמעות פון דעם פּסוק: ויקח יצחק את רבקה ותהי לו לאשה ויאהבה, ער האָט התונה געהאַט מיט רבקהן און זי ליב געקראָגן. אין געמישטע הייראַטן איז דווקא געמאַלט, אַז ווען מען דאַרף זיך צוזאַמענלעבן, שאַפן זיך ערשט שטרויכלונגען, שוועריקייטן, וואָס זיי איז אָפטמאָל ניט בייצוקומען, ווייל זיי וואָרצלען זייער טיף. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס אברהם האָט אָנגעזאָגט דעם זקן ביתו, אַז „לא תקח אשה לבני מבנות הכנעני אשר אנכי יושב בקרבו, אל ארצי ואל מולדתי תלך ולקחת אשה לבני (זאָלסט, הייסט עס, ניט נעמען קיין פרוי פאַר מיין זון פון די טעכטער פונעם כנעני, וואָס איך זיץ אין זיין לאַנד, נאָר צו מיין פאָטערס הויז זאָלסטו גייך, אין לאַנד, וואו איך בין געבוירן געוואָרן, הייסט עס, צו מיין משפחה, און דאָרטן זאָלסטו נעמען פאַר אים אַ פרוי).

ניט תוכיקע יידישע דערציאונג, נישט די טאָגשול איז די סיבה פון איזאָלאַציע, איזאָלאַציע איז אויף אונדז אַרויפגעצוואונגען געוואָרן אין משך פון דורות און דורות. תוכיקע יידישע דערציאונג קאָן פאַרהיטן דאָס יידישע קינד פוןליידן, פון שרעק. אונדזער גרויסער דיכטער אפרים אויערבאַך באַשרייבט זיי, מאַלנדיק דעם עפּיזאָד, ווען ער האָט זיך צוגעקוקט, ווי עס רעאַגירן יידישע קינדער אויף אַ שענדלעכער אויפשריפט מען זאָל טייטן יידן (וואָס איך ברענג אין אַן אַנדער קאַפּיטל).

תוכיקע יידישע דערציאונג קאָן פאַרהיטן דאָס קינד פון אומגליקלעכע גע־מישטע הייראַטן. אויך דאָ קאָנען זיין יוצאים מן הכלל, אָבער דער כלל בלייבט כלל.

איך האָב פאַר זיך אַ סטאַטיסטיק פון געמישטע התונות אין קאַנאַדע אין בריטיש קאָלומביאַ (וואו יידישע דערציאונג איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי הויך אַנטוויקלט ווי דאָרטן) — ? ... אַזוי תוכיק, ווי אין אַנדערע פראָווינצן אין קאַנאַדע) איז דער פּראָצענט פון געמישטע התונות אין די יאָרן 1926—1930 געווען 37; אין די יאָרן 1951—1953 איז דער פּראָצענט שוין געווען 51 (איר הערט 51%!), בעת אין מאַ־ניטאָבאַ (וויניפּעג און סביבה) איז דער פּראָצענט אין די זעלביקע יאָרן געווען 5 און 14. אַזאַ גוואַלדיקער אונטערשייד! אמת, אויך דאָ האָט דער פּראָצענט אַ שפּרונג געטאָן פון 5 אויף 14. אָבער, ראשית, איז דאָס נאָך זייער און זייער ווייט פון 51%; והשנית, מעגן מיר דערוואַרטן, ביי די בעסטע אומשטענדן, אַ גרעסערע צאָל געמישטע הייראַטן, סיי מחמת דעם, וואָס אַסימילאַציע־פּראָצעסן זיינען נאַטירלעך אין אונדזערע לענדער, סיי מחמת דעם צוואוקס פון דער באַ־פעלקערונג בכלל. אין דער פּראָווינץ קוויבעק, אין קאַנאַדע, וואָס נעמט אַריין מאָנטרעאָל (מיט אירע וואונדערבאַרע טאָגשולן אין דער פאָלקסשול, און אין די י. ל. פּרץ־שולן, ווי אויך די ישיבות קטנות) איז דער פּראָצענט פון געמישטע התונות געווען אין די זעלביקע יאָרן 3 און 6. אין אָנטעריאָ (דאָ האָבן מיר טאָ־ראָנטאָ, מיט אירע דערציאונג־אינסטיטוציעס, וואָס האָבן אויך תמיד אַרויסגע־שיינט, ווי די אינסטיטוציעס אין מאָנטרעאָל, וויניפּעג, קאַלגאַרי, עדמאָנטאָן) איז דער פּראָצענט געווען אין די זעלביקע יאָרן 5 און 14. זעט איר, אין סאַסקאַטשע־וואַן־פּראָווינץ איז דער פּראָצענט שוין 12 אין די בעסטע, ערשטע יאָרן, און 38 פּראָצענט אין די 1951—1953 יאָרן. דער פּראָצענט אין סאַסקאַטשעוואַן איז תמיד געווען אַ גרעסערער, מחמת די יידישע משפּחות, חוץ אין די צוויי גרעסערע שטעט, זיינען געווען צעשפּרייט איבער פאַרשיידענע קליינע שטעטלעך, געציילטע משפּחות אין יעדן שטעטל. אַזוי שאַרף געשטיגן איז דער פּראָצענט געמישטע התונות אין סאַסקאַטשוואַן־פּראָווינץ, מחמת פריער האָבן צוויי־דריי משפּחות אויסגעהאַלטן אַ רבין, צי אַ לערער; געווען אפילו פאַלן, ווען אין איינציקע משפּחה האָט אויסגע־האַלטן אַ לערער, צי אַ רבין פאַר די קינדער; דער לערער, צי דער רבי פלעגט אויך גלייכצייטיק דאַרפן אַרויסהעלפן אין קראָם. מען פלעגט טאַקע זוכן הילף אין קראָם און אָנשטעלן נאָר אַזאַ איינעם, וואָס איז ביכולת געווען צו געבן די קינדער אַ יידישע דערציאונג; אַזוי אַז אויב מען האָט זיך נאָר אין שטוב געפירט אמתדיק יידישלעך, האָט אויך אַזאַ רבי געקאָנט עפּעס אויפטאָן. אגב, פלעגן אַ סך עלטערן שפּעטער, ווען קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן, זיי שיקן אין אַ גרעסערער שטאָט אַריין. קיין צווייפל, אַז די דאָזיקע סיסטעם און די דאָזיקע באַציאונג צו יידישער דערציאונג זיינען אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

אמת, די פאָרשונג ביורא ביים קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס ווייזט אָן, אַז דער פּראָצענט געמישטע התונות האָט אין דורכשניט, איבער גאַנץ קאַנאַדע, דער־גרייכט דעם העכסטן פּונקט צוועלף מיט איין צענטל פּראָצענט, דאָס איז מער ווי

צוויי מאָל אַזוי פּיל, ווי אין דעם פּעריאָד צווישן 1926 און 1930, ווען דער פּראָ־צענט איז געווען נאָענט צו 5, געגנויער 4.9. דער פּראָצענט אין קאַנאַדע איז אָבער ניט אין אַן ערך קלענער ווי אין די (היינטיקע...) אייראָפּעאישע לענדער און ווי אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע.

מען קאָן פֿון דעם גרינג ציען דעם שלוס, וואָס פֿאַר אַ ווירקונג יידישע דערציאונג האָט אויפֿן יידישן קינד. מיר דאַרפֿן דאָ ניט פֿאַרגלייכן, עס איז איבע־ריק צו פֿאַרגלייכן דעם מצב פֿון יידישער דערציאונג אין קאַנאַדע און דעם מצב דאָ ביי אונדז אין די שטאַטן, צי אין דער היינטיקע אייראָפּע.

נאָך איידער די טאָגשולן האָבן זיך גענומען פֿונאַנדערבליען, זיינען ניט מיר, נאָר אונדזערע שכנים, געווען די וואָס פֿלעגן אַנטלויפֿן פֿון אַ גאַס, אין וועל־כער ס׳האָבן זיך אַריינגעקליבן אַ פּאָר יידישע משפּחות. אונדזערע קינדער זיינען געגאַנגען צוזאַמען אין די רעגירונג־שולן — עס האָט אָבער ניט געהאָלפֿן. עס העלפֿט אויך ניט, וואָס מיר האָבן גענומען זיך צופּאַסן צו אונדזערע שכנים אויף אַזוי פֿיל, אַז איר קענט שווער דערקענען אַ היים, צי זי איז אַ יידישע, צי אַ כּי־נעזישע... עס העלפֿן אפֿילו ניט די חנוכּה־קריסטמעס־ביימער, און אַפֿילו ניט די אמתע קריסטמעס־ביימער אין אַ סך יידישע היימען, וואָס דערנידעריקן זיך אַזוי — און עס העלפֿט ניט. עס וועט ניט העלפֿן אַ לאַנגע צייט, איך האָב מורא — אַ סך דורות. איר האָט זיכער געלייענט ביי די צוויי יידישע היסטאָריקער לעאָן פּאָליאַקאָוו און יוסף וואול, אין זייערע ביכער וועגן די רציחות פֿון די דייטשן איבער יידן און אַנדערע פֿעלקער, אַז היטלער האָט אויפֿגעפֿאָדערט אויסצוהרגענען אַלע דייטשן, וואָס זייער לעבן איז ווערטלאָז, מען זאָל אומברענגען אין די גאַז־קאַמערן אומהיילבאַרע, גייסטיק־קראַנקע דייטשן. אַז מען האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם סוד, האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ גוואַלדיקע פּראָטעסט־באַוועגונג. עס האָבן געשטורעמט גלחים, גענעראַלן, עס האָט זיך געטאָן מעשים. און נאָך דעם, ווי מען האָט אומגעבראַכט 70,000 דייטשן, האָט מען געמוזט אויפֿגעבן די אַקציע. בנוגע דער גוואַלדיקסטער רציחה איבער 6 מיליאָן יידן האָט מען געשוויגן...

...אמת, די דייטשע נאַציס איז ניט געלונגען צו באַוועגן די איטאַליענישע גע־נעראַלן נאָכצוטאָן זייער אויסראָטונג־ביישפּיל; אַלע אָן אויסנאַם גענעראַלן האָבן זיך אָפּגעזאָגט דורכצופֿירן די ברוטאַליטעט אפֿילו דעמאָלט, ווען מוסאָליני איז גרייט געווען נאָכצוקומען זיין פֿריינד היטלערן; אַ סימן, אַז גאָר פֿאַרסמט איז די וועלט נישט, אַז נאָך פֿאַראַן מענטשן! זיי וועלן זיך מערן, אָבער דערווייַלע זעען מיר פֿאַר אונדזערע אויגן, אַז מען אַנטלויפֿט פֿון אונדז, מען איזאָלירט זיך פֿון אונדז, און ניט מיר איזאָלירן זיך.

און לכן טאָרן מיר ניט מורא האָבן, אַז די טאָגשולן וועלן אונדז שעדיקן.

מיר האָבן, טייערינקע, צו לאַנג און צו פֿיל האָפֿענונגען געלייגט אויף לי־בעראַליזם, אויף ציוויליזאַציע, אויף קולטור; געהאָפֿט — אָבער אומזיסט... די ישועה איז ניט געקומען. די דייטשע וויסנשאַפֿטלער (און וואו איז די זיכערקייט אַז אַנדערע וויסנשאַפֿטלער וועלן זיין בעסער?) וואָס אַ סך פֿון זיי האָבן געהערט צו

צער־בעלי־חיים־אָרגאַניזאַציעס, האָבן קאַלט, געלאָסן דורכגעפירט עקספּערימענטן איבער יידן, זיי געסמט, געשניטן פליש פון לעבעדיקע מענטשן, געטונקט אין זויערשטאָפן, אין שוועבל, אויפגעשניטן אָרגאַנען אין די קערפּערס פון לעבעדיקע יידן, אָנגעטאָן ענוים קשים, צוגעקוקט זיך מיט פּרעציזע אינסטרומענטן, ווי מען גוססט, געבויט די גאַז־קאַמערן... און די דאָזיקע געלערנטע האָבן זיכער ליב געהאַט צו הערן אַן אָפּערע, האָבן זיכער געלייענט, פלעגן זיכער יעדן זונטיק (אויב ניט אַלע איז די מערהייט), גיין אין קלויסטער, אויסגעהערט דרשות איבער עטיק, מאָראַל, — דאָס זיינען געווען די וויסנשאַפטלער. און ווייניק מענטשן פון קולטור, סטודענטן פון אוניווערזיטעטן, נעכטיקע מיטגלידער פון סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע פּאַרטייען, דעמאָקראַטן, — האָבן פּראַקטיש דורכגעפירט די ברוטאַלע, די בעסטיאַלישע מעשים איבער לעבעדיקע יידן, זקנים, מאַמעס, טאַטעס און קינדער אין די קאָנצענטראַציע־קעמפּס? דאָס האָט דאָך געטאָן אַ פאָלק, יאָ, אַ גאַנץ פאָלק, מחמת וויפל האָבן זיך געלאָזן אַריינשפּאַרן אין די תּפיסות, זיך אָפּגעזאָגט פון דאָס געגזלטן, צערויבטן, פון צווינגען יידן גראָבן קברים און זיי דערנאָך צעשיסן, צי אַרויפטרייבן אויף אַ פּאַרפּראַרענעם טייך, גיסן אויף די אומגליקלעכע יידן מיט גאַזאָלין, אונטערצינדן זיי, צי אַריינטרייבן אין די בתּי מדרשים, אונטערצינדן און שטיין דערביי, צוקוקן זיך צום „ספּעקטאַקל" און פּלאַצן פאַר געלעכטער?...

אין צענדליקער טויזנטער קאַפּיעס האָט מען פאַרשפּרייט די באַרימטע דרשה (אין צענדליקער טויזנטער? אפשר גאָר אין הונדערטער טויזנטער) פון דעם גלח דר' דזשאָן האָלמס, אין וועלכער ער האָט אָנגעוויזן, ווי דאַנקבאַר קריסטנטום דאַרף זיין יידן; אַז קריסטנטום איז שולדיק אַ גרויסן חוב יידן; מחמת אַלץ, וואָס קריסטנטום פאַרמאָגט איז גענומען געוואָרן פון יידישקייט, אַז דער מאַן פון נצרת איז געווען אַ ייד, זיינע נאָכפאָלגער, באַגרינדער זיינען געווען יידן; אַז אַלץ, וואָס איז שיין אין קריסטנטום, האָבן קריסטן פון אונדזער תּורה גענומען; אַז יעדעס וואָרט, אויך די באַרימטע דרשה אויפן באַרג, איז באַהויכט מיטן גייסט פון דער יידישער תּורה. נו, העלפט עס אַ סך? הערט מען זיך צו דעם צו? צו טיף איז די וועלט פאַרסמט מיט אַנטיסעמיטיזם.

ביז היינט שפּילט מען „טהע פּאַשיאָן פּליי", די פאַרשטעלונג, וואָס געבויט איז זי אויפן ליגן, אַז מיר האָבן געקרייציקט יעזוסן, אויפן ליגן, וואָס צערייצט די חיה אין מענטשן, וואָס גיסט אָן די קריסטן מיט סם. וואָס „אייטערט" אין די בעסטע, אָפּטמאָל, מחמת נאָר יוצאים מן הכלל קאָנט איר דאָ און דאָרטן באַגעגענען. ביז היינט פירט מען אויף די דאָזיקע פאַרשטעלונג (מיט דער ברכה פון דער רעליגיעזער קריסטלעכער וועלט), אָבער ניט לעסינגס „נתן דער חכם", וואו מיר געפינען אַזאַ דיאַלאָג: „נתן, איך שווער (זאָגט צו דעם יידן דער קריסט.— מ. ב.), דו ביסט אַן אמתער קריסט, עס האָט ביז דיר קיין בעסערער קריסט אויף דער וועלט ניט געלעבט". אויף דעם קומט דער ענטפער פון נתנען, אַז: „מאָדנע, דווקא דאָס, וואָס מאַכט דיך זען אין מיר דעם קריסט, מאַכט מיך זען אין דיר

דעם ייד". אַזוינע זאַכן פירט מען ניט אויף, זאַכן (צי מיר זיינען מסכים מיט זיי צי ניט) וואָס וואָלטן געקאָנט היילן די וועלט פון דעם סם־אַנטיסעמיטיזם. זעט איר, „שיילאָק" — דאָס פירט מען דורך, בעת מען ווייס, אַז צו יענער צייט זיינען גאָר קיין יידן ניט געווען אין ענגלאַנד; אַז אויב דאָ און דאָרטן איז יאָ וואו־עס־איז געווען אַ שיילאָק, איז פשוט אַן אומזין אַ ייד זאָל פאָדערן אַ פונט פלייש, בלוט; אין אַ צייט, ווען דער ייד פלעגט זיך פרייען, אַז ער שלאָפט רואיק איבער אַ נאַכט, אין אַ צייט, ווען דעם יידנס לעבן איז געווען הפקר, — איז פשוט אַן אומזין, אַ ייד זאָל זוכן אַזאַ בלוטיקע נקמה; מען האָט זיך געפרייט, אַז מען לאָזט צו רו.

אָט דערציילט מען, אַז דער באַוואוסטער ליבעראַלער גלח, בישאָפּ שיעל (פאַראַן געצייל̇טע) האָט זיך איין מאָל פּלוצלונג, ניט איינגעלאַדן, באַוויזן אויף אַ פאַרזאַמלונג פון אַן אַנטיסעמיטישער אָרגאַניזאַציע, און גענומען אַריינטענהן אין די פאַרזאַמלטע, וואָס פאַרא זינד עס ליגט אין שנאת חינם, ווי אַנטיקריסטלעך אַנטיסעמיטיזם איז אאַ"וו, מען האָט אים „פאַרהוקעט", געמאַכט אַזאַ טומל, אַז שווער געווען צו הערן, וואָס ער רעדט. אַז ער האָט פאַרענדיקט זיין רעדע, האָט אַ פרוי, ווען ער איז איר פאַרבייגעגאַנגען אים אַ שפּיי געטאָן אין פּנים — ער האָט גלייך אונטערגעשטעלט די צווייטע באַק. אַז דער עולם האָט אים נאָכגעשריען „ראַבאַי שיעל", האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אויסגעשריען, אַז דער מאַן פון נצרת האָט זיך אויך גערופן ראַבאַי. מיינט איר אפשר, אַז די סצענע האָט געהאַט אַ וועלכן עס איז איינפלוס אויפן עולם? חלילה. מחמת זיכער האָט אַ רעדנער נאָכן גלח געזאָגט, אַז די יידן האָבן אים אונטערגעקויפט, אָדער דער טייוול איז אין אים אַריין.

עס וועט דויערן דורות און דורות, ביז דער סם וועט פאַרשווינדן; מען האָט מיט אים „געקאַרמעט" דעם עולם צו לאַנג און... פון די „הויכע פענצטער". לייענט מאַלקאָלם האַיס בוך „טהע פּוט אָוו פּרייד" און אים וועט זיך כאַפּן פאַרן קאָפּ. איר וועט אויסגעפינען, אַז אפילו פּויפּסטן האָבן אין דעם אומגליק געשפּילט אַ ראָל, אפילו זיי האָבן געגאַסן „אויל" אויפן פייער, פאַרשפּרייט בלבולים און גע־רופן זיך נוקם צו זיין.

יאָ, די אַמאָליקע „הייליקע", פּויפּסטן, האָבן באַרעכטיקט די בלוט־בעדער, באַשטעטיקט די בלבולים, גערופן צו גירושים, דורכצופירן אינקוויזיציעס, זיי האָבן עס אינספּירירט.. מאַלקאָלם הייס באַווייזט עס מיט פאַקטן און דאָקומענטן, וועלכע ער ציטירט.

די ברענענישן פון תלמוד האָבן דאָך געלערנט די מאַסן, אַז אַל דאָס בייז אויף דער וועלט קומט פון אונדז. אָט ווייסן מיר פון אַ באַפעל צו פאַרברענען דעם תלמוד פון דעם פּויפּסט גרעגאָרי, דעם דריטן מאַרץ 1240 אין רוים, און אין דעם זעלביקן יאָר אין יוני, אין פאַריזש. דאָ, אין פאַריזש, האָט מען צוזאַ־מענגעקליבן 24 וועגענער מיט ספרים און עפנטלעך פאַרברענט. דער עולם האָט געיובלט... אין באַרצעלאָנאַ האָט מען אַזאַ ברענעניש דורכגעפירט נאָך אַן אָרויפּ־געצוואונגענער דעבאַטע, וואו די רבנים האָבן זיך אָפּגעזאָגט זיך נאַריש צו מאַכן,

ווי מען האָט פון זיי געפּאַדערט. זיי האָבן בעסער באַצאָלט מיט זייערע לעבנס... און נאָך דעם האָט דאָס פאָלק, די אויפגערייצטע מאַסע, זיך גענומען צו דער געטאָ, און צום ברענען די ספרים. אין דעם יאָר 1264 האָט דער פּויפּסט קלעמענט דער פערטער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו באַשטראָפן מיט טויט יעדן אײנציקן, וואָס מען וועט ביי אים געפינען אַ תלמוד. אַזוי האָט מען ווידער געברענט אין 1309 אין פּאַריזש און אין 1322 אין רוים. אין 1415 האָט דער פּויפּסט מאַרטין דער פינפטער פאַרבאָטן צו לערנען תלמוד, און אין 1490 האָבן טאָרקוועמאַדאַ, אַט דער אינקוויזיטאָר, און שפּעטער מאַרטין לוטער, געשריבן, אַז דער תלמוד איז פול מיט ליגנס, גאָטלעסטערונג, מיט קללות און חרמות, און געפּאַדערט מען זאָל פאַרברענען אַלע בתי מדרשים... און אין 1558 האָט מען ווידער געברענט, און אין 1569 האָט מען אויפגעריסן אין קרעמאָנאַ די יידישע ספרים־ביבליאָטעק און פאַרברענט 12 טויזנט ספרים. אַזש אין 1757, אָט מיט 200 יאָר צוריק, האָט מען נאָך אַלץ געברענט. פאַרגעסט אויך ניט, אַז גלייכצייטיק פלעגט מען זיך אַריינרייסן אין די געטאָס און גזלען, רויבן און שחטן; אַז גלייכצייטיק פלעגט מען אַרויסטרייבן יידן פון לענדער און צונעמען זייער האָב און גוטס, פלעגט מען דורכפירן אינקוואַזיציעס איבער מאַראַנען און אנוסים...

די קריסטלעכע וועלט, אירע רעליגיעזע מדריכים קומען ניט אַרויס מיט דעם אמת, אַז די דאָזיקע בלוטיקע מעשים זיינען אין היפוך צו דעם, וואָס זייער אמונה לערנט; אַז מיט די מעשים קרייציקן זיי זייער געקרייציקטן דורך די רוימער יעדן טאָג, יעדע שעה. אויב דאָ און דאָרטן רעדט יאָ זייערער אַ מענטש אין דעם גייסט — איז עס אַ קול דממה דקה, איז עס אַ קול קורא ניט במדבר, נאָר אין אַ דזשאַנגל, אין אַ וואַלד פון בלוטדורשטיקע, צערייצטע נאָך מענטשלעך בלוט ווילדע חיות...

אָט האָבן מיר דאָ, ביי אונדז אין אַמעריקע, געלייענט אין „מיטשיגען קאַטאָליק", אַז „דעם יידן דר׳ יונה סאָלקס דערגרייכונג איז אַ צעשטערנדיקער ענטפער אַנטיסעמיטן, די קראַנקהאַפטע פאַרלוימדער, וואָס געפינען אין כמעט יעדן פיזישן און מאַראַלישן פאַרברעכן אַ יידישע פאַרשווערונג צו פאַרניכטן קריסטנטום, אָדער אַ פאַרזוך צו דאָמינירן די וועלט. עס זעט כמעט אויס, ווי אַ געטלעכקייט, וואָס דעם כבוד צו באַזיגן די שרעקלעכע קראַנקהייט איז אויסגעפאַלן אויף אַ יידן, אַ פאַרשטייער פון אַ פאָלק, וואָס ווערט פון אונדז אַזוי אומיושרדיק דער ציל ברעט פון אַנגעלאָדענע לונאַטיקער".

אָבער וויפל לייענען עס? און וויפל גלחים וואַגן אַזוי צו רעדן, צי צו שרייבן? זיי האָבן פשוט מורא, מען קאָן זיי פאַרשרייען, ווי פאַררעטער, וואָס האָבן זיך פאַרקויפט די יידן, צי דער טייוול האָט זיך אין זיי באַזעצט און רעדט פון זיי אַרויס... אונדזערע קינדער טרעפן זיך ניט מיט קינדער, וואָס זייערע היימען זענען באַאיינפלוסט פון די בישאָפּ שיעלס, צי פון עדיטאָריעלס, ווי אין „מיטשיגען קאַטאָליק". די צענדליקער מיליאָנען היימען ווערן באַאיינפלוסט פון העצער, אָדער פון איגנאָראַמוסעס. וואָס דאַרפט איר מער, אָט האָבן מיר נעהערט, און מיליאָנען האָבן עס געלייענט, אָט האָבן מיר אָט אָקאָרשט געהערט פון דעם

אויסלאַנדס־מיניסטער, דעם סעקרעטאַר דזשאָן פאָסטער דאַלעס, אַז די שטרייטי־קייטן צווישן די יידן און די אַראַבער, דער האַס פון די אַראַבער צו די יידן קומט פון דעם, וואָס די יידן האָבן דערהרגעט זייער גאָט... נאט אייך נאָך אַ „טשין", נאָך אַן אויסצייכענונג, נאָך אַ כבוד: מיר זיינען אין די „ביזנעס" פון „הרגענען" געטער... דאָס מוז זיין אונדזער עובדא אויף דער וועלט...

אויף מאָרגן, אַז מען האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז דאָס איז „ניט געשטויגן, ניט געפלויגן", האָט ער זיך אַנטשולדיקט... אָבער איר קאָנט זיכער זיין, אַז אַ סך פאַרסמטע וועלן זאָגן, אַז מען האָט אים משמעות דערלאַנגט אַ גוטע אפותיקי, ער זאָל צוריקרופן זיין באַמערקונג; אָבער אַז דער דאָזיקער זאַץ זיינער וועט מיט דער צייט פיגורירן אין די אַנטיסעמיטישע אויסגאַבן, אַז מען וועט זיך מיט דעם „אומזין" אַרומטראָגן, — מעגט איר זיכער זיין.

נאָך אַ מאָל, און ווידער אַמאָל: אונדזערע קינדער זאָלן זיך אין דעם יינגסטן עלטער זייערן ניט דאַרפן טרעפן מיט דעם אומגליק, — צוליב דעם אַליין וואָלט מען געדאַרפט בויען אייגענע שולן.

דערציילט מען טאַקע פון אַ קינד, וואָס איז געקומען פון דער אַלגעמיינער שול אַ דערשלאָגענער, ער איז אַריינגעקומען אין שטוב און זיך היסטעריש צע־וויינט: זיין חברל האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט דערהרגעט יעזוסן, — ער האָט זיך געשוואָרן, אַז ער האָט אָט דעם יעזוסן אפילו ניט געזען...

אָבער דאָס חברל זיינס גלייבט אים ניט; דאָס חברל זאָגט, אַז זיין פאָטער וויס בעסער. וואָס פארא קאָשמאַר דאָס קינד האָט יענע נאַכט איבערגעלעבט — קאָנט איר זיך משער זיין. זאָגט, וואָס איר ווילט: ווען איך זאָל אויף יענער וועלט דאַרפן מאָנען ביי די אומות העולם פאַרן רשעות, פאַרן אַרומנעמען אונדז „מיט שטעכיקע הענט און טראָגן צום פייער" (ה. לייוויק), פאַר די שחיטות, פאַר די רציחות און גזילות, — וואָלט איך פאַרן בלוט, פאַר די ליידן, פאַרן סקרוך פון די יונגינקע קינדערלעך אונדזערע, וואָס באַגעגענען זיך דעם ערשטן מאָל מיט אונדזער אומגליק ניט געמאָנט, ווייל ניטאָ אַזאַ שטראָף, וואָס זאָל קאָנען מכפר זיין די דאָזיקע זינד, און ניטאָ אַזאַ שכר און אַזאַ חרטה, וואָס זאָל קאָנען פאַר גיטיקן און היילן די וואונדן אין די הערצער פון אונדזערע יידישע קינדערלעך.

יאָ, איר קאָנט מיר זאָגן, אַז אויך שכנישע קריסטלעכע קינדער קאָנען צו־טראָגן דעם דאָזיקן אומגליק, וואָס זיי הערן פון אים אין זייערע היימען, דעם יידישן קינד. אמת, אָבער אויב פאַראַן אַ צושטאַנד, וואָס איך קאָן אים ניט אויס־מיידן, מיינט עס ניט, אַז איך דאַרף דורכלאָזן אַ געלעגנהייט, וואו עס לאָזט זיך יאָ אויסצומיידן דעם אומגליק.

מיר טאָרן ניט פאַרלירן אונדזער האָפענונג, אַז אייביק וועט אַזוי ניט זיין. איר האָט זיכער געלייענט און געהערט (אויך אין מיין אַרבעט ברענג איך אַ סך פאַלן), ווי גלחים, פשוטע פויערים, פאָלקסמענטשן האָבן זיך אָטנקעגנגעשטעלט רשעות, איינגעשטעלט זייערע לעבנס צו ראַטעווען יידן. איר האָט דאָ געלייענט פון דעם בישאָפ שיעל; איר האָט געלייענט וועגן עדיטאָריעל אין „מיטשיגען קאַ־

טאָליק"; געוועזן און עס זיינען נאָך פֿאַראַן מענטשן, וואָס האָבן ניט פֿאַרלאָרן גאָטס פֿונק אין זיך; און אָט האָבן מיר אַלע געליטן פֿון די צוויי טויזנט דײַטשע יוגנט־לעכע, וואָס האָבן אָוועקגעלייגט אַ קראַנץ בלומען אויפֿן בית עולם, וואו, ווי מען האַלט, אַנאַ פֿראַנק איז באַערדיקט געוואָרן; איר האָט געלייענט פֿון די רעדעס, וואָס זיינען ביי דער געלעגנהייט געהאַלטן געוואָרן, — דאָס אַלץ זיינען טרייסט־וואונקען, אַז פֿאַראַן נאָך פֿונקען ליכט, אַז ניט אויסגעלאָשן איז אינגאַנצן קדושה... אָבער איידער ליכט וועט באַזיגן פֿינצטערניש, דאַרפֿן מיר זוכן, דער אַנטיסעמי־טיזם זאָל ניט דערשלאָגן אונדזערע קינדער. זאָל ער נאָר קענען אומבאַקוועם מאַכן דאָס לעבן, אָבער ניט מער. זאָלן אונדזערע קינדער וויסן דעם מקור פֿון אומגליק, און פֿון דעם אומגליק פֿון די האסער; זאָלן זיי וויסן, אַז דער מקור איז ניט אין אונדז; זאָלן זיי אויך וויסן, אַז דאָס איז משמעות די דאַנקבאַרקייט פֿאַר אונדזערע יוספס, וואָס האָבן ניט אין „מצרים" געראַטעוועט, און אַז עס וועלן זיכער קומען בעסערע צייטן, די מענטשהייט וועט זיך אַמאָל אַרויסבאַקומען פֿון די געפֿילן פֿון האַס צו אַנדערש פֿילנדיקע, אַנדערש דענקענדיקע, אַנדערש לעבנדיקע, אַנדערש גלויביקע.

איך האָב דאָ ניט לאַנג צוריק געלייענט אַן אָפּהאַנדלונג פֿון דעם קאָנסער־וואַטיוון רב דזשעק ריעמער איבער דעם קינאָ־בילד „ירשן דעם ווינט". ער דערציילט אונדז, ווי עס ווערט אין בילד אַרויסגעבראַכט דער קאַמף צווישן קלאַ־רענס דאַראו, דעם פֿאַרטיידיקער פֿון דעם לערער, וואָס האָט געלערנט מיט זיינע תלמידים די טעאָריע פֿון עוואָלוציע, און דעם באַשולדיקער וויליאַם דזשעניגגס ברייען. נאָכן משפּט, זעט מען אין בילד, ווי קלאַרענס דאַראָו לייגט צוזאַמען אַלע זיינע דאָקומענטן אין פֿאַלאַריש, דעם תנך מיט דאַרווינס בוך איינע לעבן די אַנדערע. רבי דזשעק ריעמער זעט אין דער קליינער פֿאַסירונג אַ סימבאָל, אַז דאָ איז ניט קיין פֿראַגע פֿון אָדער־אָדער, — די וועלט נייטיקט זיך אין ביידע לערעס. זיי ווידערשפּרעכן זיך ניט איינע די אַנדערע. אונדזער יידישע פֿילאָזאָפֿיע לערנט אונדז, אַז דער אייבערשטער האָט אונדז געגעבן שכל און תורה. די וויסנשאַפֿט לערנט אונדז און וויזט אונדז, וואו מיר זיינען אויף דער וועלט, וואו מיר האַלטן אויף דער וועלט, ווי צו שפּאַנען אין וועג פֿון לעבן. וועלכן וועג אָבער צו שפּאַנען לערנט אונדז די תורה, זי גיט אונדז אַ ציל אין שפּאַנען. די וויסנשאַפֿט איז די מאַפּע, די תורה דער קאָמפּאַס. אָט פֿאַר אונדזערע אויגן האָבן מיר געזען פֿרוידן און עדיסאָנען, העברי פֿאָרדן און שטיינמעצן, און קוריען און איינשטיינען; פֿאַר אונדזערע אויגן איז געשאַפֿן געוואָרן אַ שפע פֿון ליכט (עלעקטריע); אָבער מיר זיינען ווייט, צי צוריקגעשליידערט געוואָרן פֿון דעם ליכט, וואָס קומט פֿון הימל; מיר שאַפֿן היץ, וואָס קאָן פֿאַרשרפֿהנען די גאַנצע וועלט, און ניטאָ קיין בריקל וואַרעמקייט אין צוזאַמענלעבן צווישן מענטש און מענטש, פֿאָלק און פֿאָלק; מיר פֿליען „ביז די העכסטע הימלען", אָבער מיר זיינען נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי ווייט פֿון הימל, ווי אין די היינטיקע צייטן.

שרייבט מיר מיינער אַ פֿריינד פֿון ישראל, אַז ווען ער קומט אויף יענער

וועלט, אויפן עולם האמת, וואלט ער זיך מיט גוואלד צוגעריסן צום כסא הכבוד, געגומען דעם רבונו של עולם אין אַ ווינקל און אים געשטעלט האַרבע קשיות... איך בין זיך משער, וואָס דער אייבערשטער וואלט אים געענטפערט. ער וואלט אים געזאָגט:

„הער, מיין פריינד, וואָס ווילסטו פון מיר? ווייניק האָב איך אייך געגעבן, וואָס? ווער איז אייך שולדיק, וואָס איר ניצט אַלע ברכות מיינע, די גאַנצע שפע לרעה? קוקט זיך צו, פאַר וועלכע צוועקן איר ניצט די אַלע דערפינדונגען, וואָס איך לאָז אייך „געפינען", די אַלע סודות פון דער נאַטור, וואָס איך לאָז אייך אַנטדעקן, דעם גאַנצן שכל, וואָס איך האָב אין אייך פאַרלייגט, מיטגעגעבן אייך. אַט האָט זיך היראָם מאַקסים איינגערעדט, אַז זיין דערפינדונג וועט אַ סוף מאַכן צו מלחמות, און אַלפרעד נאָבעל, אַז זיין דינאַמיט-דערפינדונג — אוודאי און אוודאי. אָבער אָט זייט איר דערגאַנגען צו דער אַטאָם-קראַפט, וואָס קאָן פאַר־וואַנדלען די וועלט אין אַ גן עדן, קריכט איר גאָר צו דער וואַסערשטאָף־באָמבע, וואָס קאָן אומברענגען אייער גאַנצע וועלט... איך האָב עס אַלץ אייך געלאָזן דער־פינדן לטובה. אָבער איר... ווער איז אייך שולדיק, וואָס איר „פּלאַצט" פון אייערע קינדער; ניט די אוגערקעס זיינען שולדיק, וואָס פון אייער „פּאַרזייערן" זיי האָבן זיי אָנגעהויבן צו פוילן... דאָס פאַרוואַנדלט איר די וועלט און אייער לעבן אין אַ גיהנום. ווער איז אייך שולדיק? „וואַשט זיך, רייניקט זיך, טוט אָפּ דאָס שלעכטס פון זיך"! (עמוס). ווי זאָגט דאָרטן אייער הערי עמערסאָן פאָזדיק? ער זאָגט, אַז איר וועט באַלד אָנהויבן צו זינגען תפילה צו וויסנשאַפט, אַז זי איז אייער „פּאַס־טוך" (וויסנשאַפט רעי לא אחסר...). בעת וויסנשאַפט איז נאָר אַ מאַפּע, די תורה אָבער איז דער קאָמפּאַס; לאָזט אייער שיף אַרויס מיטן קאָמפּאַס אין האַרצן"...

יאָ, וויסנשאַפט איז די מאַפּע, די תורה דער קאָמפּאַס. וויי, ווען איינע פון די ביידע פעלט! זאָגט טאָקע דער אָנערקענטסטער זקן וויסנשאַפטלייט, דער פאַרשער פון קאָסמישע שטראַלן, דר' ראָבערט מיליקאָן, אַז אַ ריין מאַטעריאַליסטישע (גשמיותדיקע, חומרדיקע) פילאָזאָפיע אין לעבן איז דער גרעסטער אומזין. וויי־וויי, ווען די וויסנשאַפט ווערט אַן עבודה זרה, אַן עגל הזהב! וויי, ווען מען רייסט זיך אָפּ פון עטיק, פון מאָראַל, ווען מען „גראָבט זיך אַריין אין דעם ערדישן" און מען וויל אפילו ניט אָנזען דעם הימל. דעם גרויליקן ביישפּיל האָבן מיר געזען פאַר אונדזערע אויגן. די צאַרישע רעגירונג, אָרגאַניזירנדיק פּאָגראָמען אויף יידן, כדי אָפּצואָווענדן די מאַסן פון די אמתע סיבות פון זייער אָרעמקייט, פון זייער געפאַלנקייט, פון זייער ביטערן, פינצטערן לעבן, פּאָגראָמען קעגן יידן, האָט זי געקאָנט אין דער דאָזיקער „נאָבעלער" אַרבעט אַריינציען נאָר באַפרייטע, ספּע־ציעל פאַר דעם ציל, אַרעסטאַנטן, פאַרברעכער, שיכורים, אונטערוועלט-מענטשן. וויי־וויי וואלט געווען צו אונדז, ווען מאַסן ווערן אין דעם אַריינגעצויגן! זעט איר, אין דייטשלאַנד, האָט מען אין דער דאָזיקער „שיינער" אַרבעט אַריינגעצויגן יונג און אַלט, פּראָפעסאָרן און פּאָלקסמאַסן, סטודענטן — און וועמען ניט? די סיבה איז געווען, וואָס די וויסנשאַפט איז ביי זיי געווען זייער גאָט, ניט זייער אמונה,

ניט זייער תורה. אויב מיר האָבן אָבער געקאָנט האָבן מיצקעוויטשעס, עליזא ארזשעשקאס און גאָרקיס; אויב מי רהאָבן געקאָנ טהאָבן, ניט קיין סך, און ניט געגוג, אָבער דאָך, קדושים וטהורים צווישן די אומות העולם, אפילו גלחים, וואָס האָבן איינגעשטעלט זייערע לעבנס צו ראַטעווען יידן, יידישע קינדער, — מעגן מיר גלייבן, אַז אייביק וועט פינצטער ניט זיין, אַז פון די געציילטע ליכטיקע שטראַלן וועלן ווערן אַ סך, און פון דעם אַ סך, זייער אַ סך און אַזוי ווייטער און ווייטער.

אָבער היינט, היינט דאַרפֿן מיר געבן אונדזערע קינדער אַ תוכיקע יידישע דערציאונג, אַז דער אַרומיקער סם זאָל ניט קאָנען אָנטאָן צו גרויסע חורבונות אין די הערצער פון אונדזערע קינדער; היינט דאַרפֿן מיר ניט מורא האָבן פאַר איזאָ־לאַציע. ניט מיר איזאָלירן זיך. דאַרפֿן מיר געבן אונדזערע קינדער וואָס מער מאָפּע, וואָס מער וויסן, און נאָך מער תורה. אייביק וועט פינצטער ניט זיין — אָבער היינט דאַרפֿן אונדזערע קינדער אַ יידישע לאַמטערנע.

היינט בלייבן ביי דער נאָכמיטאָג־שולן, — מיינט פאַרמאַכן די אויגן, זיך זוכן איינצורעדן, אַז עס איז נאָך ניט אַזוי שלעכט, מהמת פאַרשיידענע ניט באַ־רעכטיקטע מוראס. שרייבט יודל מאַרק, דער באַוואוסטער פּעדאַגאָג און געלערנ־טער, דער תמידיקער גאַסט־רעדנער ביי פאַרשיידענע דערציאונג־קאָנפערענצן, אַז „קיין שום טיפע נאָכמיטאָג־שול פאַרשטייט דערוויילע ניט, ווי אַזוי איינצוהאַלטן אַלע אירע קינדער כאָטש 4 יאָר צייט (וואָס פאַראַ גרויסע „מציאה" די פיר יאָר צייט זיינען, ווען קינדער קומען אין דער נאָכמיטאָג־שול „שטומע" אין יידישן לשון, ווען מען לערנט צו 2—3 מאָל אין וואָך, ווען דער באַזוך איז אַ ניט רעג־גולערער, ווען די היים איז „אויסגעבודקט" פון גייסטיקייט, ווי „חמץ", קאָנט איר זיך משער זיין.—מ. ב.) דער דורכשניט פון באַזוכן אַזאַ נאָכמיטאָג־שול איז אַ ביסל מער ווי צוויי יאָר (צוויי יאָר!—מ. ב.) פאַרן גאַנצן לאַנד און ווייניקער (ווייניקער נאָך!—מ. ב.) ווי צוויי יאָר אין ניו־יאָרק. דאָס איז „אַ לעק־און־אַ־שמעק־דערציאונג".

אַזוי רעדט יודל מאַרק, וואָס דערציאונג איז דער זין פון זיין לעבן, ער, דער ערשטער דירעקטאָר פון דער ערשטער יידישער גימנאַזיע אין ווילקאָמיר (ליטע), דער רעדאַקטאָר פון „יידישער שפּראַך", אַרויסגעגעבן פון דער ייוואָ, דער רעדאַקטאָר פון דעם „פּעדאַגאָגישן בולעטין".

א. גאָלאָמב האַלט אַזאַ דערציאונג פאַר שעדלעך. עלטערן פאַרשטייען עס, פילן עס און... זעען עס. גראַדואירט מען טאַקע אין די שולן קינדער, וואָס לערער, אָנשטרענגענדיק זיך איבער די כוחות, אָנווענדנדיק אַלע מיטלען, איז געלונגען זיי צו פאַרהאַלטן, גראַדואירט מען טאַקע געציילטע קינדער. אָט האָב איך געזען אין דער זונטיקדיקער „פאָרווערטס"־בילדער־אויסגאַבע אַ בילד פון דריי גראַדו־אירטע קינדער מיט אַ לערערין, וואָס מען קאָן זיך מיט אַזאַ לערערין בענטשן; אין די שטעט, וואו זי איז לערערין געווען, האַלטן מען זי פאַר אַן אויסנאַם, ווערן דערציילט וועגן איר באַציאונג פשוט לעגענדעס, — אַזוי באַליבט האָט זי זיך

אומעטום געמאַכט. דריי קינדער!... לייען איך, אַז אין 1956 האָבן פון 10 שולן אין ניו־יאָרק, אַנגעפירט פון דעם יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, גראַדו־אירט 60 קינדער, אין דורכשניט 6 קינדער פון אַ שול; און פון די י. ל. פּרץ־אַרבעטער־רינג־שולן, צוזאַמען מיט דער מיטלשול — 110 קינדער, וואָס דאָס מאַכט אויס ניט מער קינדער פון אַ שול.

ווייטער שרייבט דער זעלביקער יודל מאַרק: „עס פאַלן די סטאַנדאַרטן און די פעולות, עס פאַרקלענערן זיך די השגות, און עס ווערן איינגעשרומפּן לערן־פּראָגראַמען"... „לײדער זײנען געניגט אַ סך אונדזערע פּראָמינענטע מחנכים צו פאַרשווייגן די פינצטערע (איר הערט? פינצטערע!—מ. ב.) זייט פון דער מטבע; אַ צאָל ערנסטערע העברעאישע מחנכים לעבן איבער ניט קיין גרינגערע רגעס פון חשבון הנפש, ווי לערער און טוער פון שולעס אויף יידיש".

ד) זיינען פאַראַן יידן, וואָס זיינען גרייט צוצוגעבן דאָ און דאָרט, אַז זיי זיינען ניט גערעכט. אָבער פאַרוואָס עפּעס האַלטן צו פיל יאָרן דאָס קינד אין דער טאָגשול? די דאָזיקע יידן לייגן פאָר, די טאָגשול זאָל זיין אַ „פונדאַציע־שול". לאָמיר פאַרלייגן אין קינד אַ פונדאַמענט, אַ יסוד, און גענוג. זאָלן די טאָגשולן זיין פאַר אויסנאַם־קינדער.

איך האַלט, אַז דאָס טויג ניט. דאָס טויג ניט דערפאַר, וואָס דווקא דעמאָלט, ווען מען קען דעם קינד געבן מער און מער, ווען דאָס קינד איז אין דעם עלטער, אַז ער איז צוגעגרייט אויפצונעמען תוכיקערע לימודים, — נעמט מען דאָס קינד אַרויס פון דער טאָגשול און מען שיקט עס אַריבער אין דער אַלגעמיינער שול. ווען מען זאָל אפילו שאַפן פאַר אַזוינע קינדער נאָכמיטאָג־קלאַסן, וועט עס ווידער־אַמאָל ניט טויגן. ווייל דווקא דעמאָלט, ווען מען קאָן מיטן קינד דורכפירן ערנס־טערע אַרבעטן, ווען מען קאָן מיט אים פייערן ימים טובים, וואָס זייער גייסט זאָל אַרויסקוואַלן פון די סיסטעמאַטישע לימודים, ווען מען קאָן אָרגאַניזירן געוויסע קלובן מיט קינדער, וואָס זיינען מער פאַראינטערעסירט אין ליטעראַטור, צי אין געשיכטע, אין דראַמאַטישער קונסט, צי אין מוזיק, — דווקא דעמאָלט וועט מען קומען צוריק צום „אומגליק", וועט מען אָפּרייסן דאָס קינד פון שפּילערייען, ווען אַלע קינדער שפּילן זיך, וועט מען ווידער קאָנען האָבן דאָס קינד נאָר געציילטע טעג אין וואָך, און אויף אַ שעה אין טאָג, מחמת עס וועט דאַך אין דער אַלגעמיי־נער שול זיין פאַרנומען ביז שפּעט אין נאָכמיטאָג. עס איז אַ גרויסער ספק, צי דאָס וועט לייזן אונדזער פּראָבלעם פון תוכיקער יידישער דערציאונג. עס קאָן ניט לייזן, ווייל מיר'ן נאָר ביכולת זיין צו לערנען מיטן קינד אַ ביסעלע מער, אָבער צוצוברענגען דאָס קינד, עס זאָל אויך קענען זיך אויסלעבן אין יידישקייט, זיין יידישקייט אין שול זאָל ניט זיין קיין אויסגעלערנטע, אַריינגעלערנטע, נאָר אויך מער אָדער ווייניקער אַז אַריינגעלעבטע, — וועט די פונדאַציע־שול ניט קענען, און לכן איז אַזאַ דערציאונג נאָר „אַ לאַטע". מיר טאָרן ניט פאַרגעסן, אַז מיר דער־וואַרטן, די קינדער אין דער טאָגשול זאָלן אַריינבנעמען אין זיך אַזוי פיל גייסט, זיי זאָלן אויך באַווירקן די היים, העלפן צוריקברענגען די שכינה אין שטוב אַריין.

דאָס קאָן דערגרייכט ווערן, ווען מיר זאָלן קענען באַהויכן דאָס קינד מיט שטימונג, מיט פרייד, מיט הנאה פון יידישקייט, עס זאָל זיך צוגעוואוינען צום יידישן „קלימאַט”, דערפילן אירע זוניקע שטראַלן, עס זאָל ליב קריגן אונדזער הימל, — דאָס קאָן די פונדאַציע־שול ניט דערגרייכן, מחמת דאָס קינד איז נאָך צו יונג, עס האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט באַוואַרעמט צו ווערן.

קומען אייניקע, אָט ווי דר׳ שמואל מאַרגאָשעס, און זאָגן, אַז יאָ טאָגשולן, אָבער... פאַר געציילטע, אויסגעקליבענע, צוגעקליבענע קינדער. שרייבט וועגן דעם שמואל מאַרגאָשעס: „די אַלגעמיינע ציוניסטישע באַוועגונג, קומענדיק שפּע־טער אויף דער דערציאונג־סצענע, קאָן בשום אופן ניט פאַרמאַכן די אויגן אויף אַלץ, וואָס עס איז שוין געשאַפן געוואָרן. זי טאָר ניט דופּליצירן, זי דאַרף זיין גע־טריי צו איר כאַראַקטער, ווי אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין יידישן לעבן, זי מוז זיך שטעלן אויף דער זייט פון מאַקסימום־יידישקייט”. זי מוז, הייסט עס, העלפן בויען טאָגשולן, אָבער „טאָג־שולן בלויז פאַר אַ טייל פון דער יידישער שול־באַ־פעלקערונג פון די פּאַרייניקטע שטאַטן, וואָס צוליב דער באַזונדערער יידישער היים, סביבה, באַזונדערס צוליב אַ שטאַרקערער נייגונג צו יידישקייט און אויסער־געוויינלעכער לערן־פעאיקייט, שטעלט דער טייל, הייסט עס, מיט זיך פאַר דעם גייסטיקן אָפּקלייב, פון וועלכן עס קאָן רעקרוטירט ווערן די יידישע פירערשאַפט פון דער צוקונפט. אין אַנדערע ווערטער, די יידישע טאָגשולן איז די צוגרייטונג־שול פאַר די באַזונדערע יידיש־גענייגטע און פעאיקע יידישע קינדער, פון וועלכע עס וועלן אויסוואַקסן די רבנים, די לערער אין יידישע שולן, די אָנפירער פון געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און די כלל־טוער און פירער פון יידישע געמיינ־דעס”.

איך נעם זיך די העזה ניט מסכים צו זיין מיט אונדזער יידישן געלערנטן, דר שמואל מאַרגאָשעס. איך האַלט, אַז פון פּעדאַגאָגיש־דערציערישן שטאַנדפּונקט וועט דער פּלאַן ניט טויגן.

לעוו טאָלסטאָי האָט געהאַלטן (לויט דזשאָן קנייטס „געשיכטע פון מיין פּסי־כאָאַנאַליז”), אַז מען מאַכט אַ גרויסן טעות, ווען מען דענקט, אַז מענטשן זיינען באַשטענדיק גוט אָדער שלעכט, קלוג אָדער נאַריש, אָפּגעלאָזן אָדער ענערגיש; מענטשן זיינען ניט אַזוי, האָט טאָלסטאָי געהאַלטן. מענטשן, האָט ער געהאַלטן, זיינען אַזוי ווי טייכן: דאָס וואַסער איז אין אַלע טייכן וואַסער, אָבער יעדער טייך איז, (יעדער טייך!—מ. ב.) דאָ אַ שמאָלער, דאָ פליסט דאָס וואַסער גיכער, דאָ פּאַמעלעכער, דאָ איז דאָס וואַסער קלאָר, ווי קרישטאָל, דאָ ניט אַזוי קלאָר, דאָ איז דאָס וואַסער קאַלט, דאָ אַ ביסעלע וואַרעמער. איר געפינט אין יעדן טייך אַלע שטריכן, וואָס אַ טייך קאָן פאַרמאָגן. אַזוי זיינען אויך מענטשן. יעדער מענטש פאַר־מאָגט אין זיך אַלע מענטשלעכע שטריכן. עס טרעפט, אין אַ געוויסער צייט זעט מען אין דעם מענטשן איין שטריך בולטער, שאַרפער אַרויס, אַזוי אַז אָפטמאָל איז דער מענטש שטאַרק ניט ענלעך צו זיך אַליין. אויב אַ דערוואַקסענער איז אַזוי, אפשיטא איז אַזוי קינד, וואָס יעדע קלענסטע פּאַסירונג, יעדער קלענסטער עפּיזאָד, יעדע

קלענסטע דערשיינונג ווירקט אויף אים טיפער, ווי אויפן דערוואַקסענעם, ווייל דאָס קינד האַלט אין וואַקסן, די בלום האַלט זיך אין פונאַנדערבליען.

ווי וועט איר דערקענען אַ קינד אין ייִנגסטן עלטער, און אפילו צו 10—12 יאָר, אַז עס איז אַ פּאָטענציעלער פירער, רב, לערער אאַ"וו — ווי? און היימען? מיר קענען אַ סך היימען, וואָס נאָר אַ פינצטערער „שוואַרצזעער" האָט געקאָנט פּאַרויסזאָגן, אַז פון אַזאַ ליכטיקער היים וועט אַרויסוואַקסן אַזאַ משומד, צי משומדת, אַזאַ „דרייקאָפּ"; אַז „זייערס אַ קינד זאָל זיך אויסקלייבן אַ לעבן־באַג־לייטערין, צי לעבן־באַגלייטער פון אַ קריסטלעכער היים"; אַז „פון אַזאַ היים זאָל אַרויסוואַקסן אַ קינד מיט אַזאַ באַציאונג צו יידישקייט, צו יידישע פּראָ־בלעמען". וועל איך אָבער צוגעבן, אַז דאָס זיינען יוצאים־מן־הכלל־פאַלן, אָבער אַריינפאַלן קאָן מען מיט אַזאַ קינד. אויב די היים האָט ניט געקאָנט, די גוטע היים, ווירקן אויפן קינד, קאָנט איר ניט דערוואַרטן, אַז די בעסטע טאָגשול אפילו זאָל עס קאָנען.

און פעאיקייטן? איר ווייסט עס אַזוי גוט ווי איך, אַז אַ סך קינדער קאָן מען קלאַסיפיצירן אין אַ געוויסן עלטער פאַר דורכשניט־קינדער, פאַר נידעריקער נאָך, ווי דורכשניט־קינדער, און שפּעטער... אָדער פאַרקערט. אפילו דאַרווין איז ביז אַ געוויסן עלטער געווען אַ דורכשניט־קינד, און וועגן איינעם אַזאַ „דורכשניט־קינד" וואָס האָט אַט אַקאָרשט פאַר אונדז געלויכטן מיט זיין געניאַליטעט אויף אַ סך געביטן, איינשטיין, האָט איר אויך זיכער געהערט. איך קאָן אויך אַ יידן, וואָס ווען אַט דער צעבליטער גייסטיקער ייד איז געווען 11 יאָר אַלט, האָט מען אים אָפּגעגעבן צו אַ יידענע, וואָס פלעגט לערנען מיידלעך עברי, זי זאָל אים כאָטש אויסלערנען דאַווענען, און שפּעטער... איך בין זיכער, אַז חנה סענעש, און סערענין און אפילו דר' הערצלען, וואָלט מען זיכער אויסגעבראַקירט, ניט אַריינ־גענומען אין דער טאָגשול. און כאָטש מען קאָן אויסרעכענען אַזוי פיל ענלעכע פאַלן, וועל איך דאָך צוגעבן, אַז בדרך הכלל זיינען זיי אויך יוצאים מן הכלל. אָבער מיר קאָנען אַ סך פאַרלירן ביים אָפּקלייב.

אָבער וואו איז די זיכערקייט, אַז די אָפּגעקליבענע וועלן געניגט זיין צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט? און וואו איז די זיכערקייט, אַז די עלטערן פון די אָדער יענע אויסגעקליבענע וועלן גרייט זיין צו לאָזן זייערע קינדער צוצוגרייטן זיי צו געזעלשאַפטלעכע קאַריערעס? ווי, אַז זיי זאָגן אייך: „אויב דאָס קינד וועט זיך שפּעטער אויסקלייבן אַזאַ קאַריערע אין לעבן, ביי וועלכער ער וועט תמיד דאַרפן זיין אָפּהענגיק פון באַלעבאַטים, ביי וועלכע ער קאָן זיך נאָר פאַרזיכערן מיט „אַלסערס", מיט וואונדן אין מאָגן, מיט האַרצשלאָגן, מיט „געברענטע צרות", צעשרויפטע נערוון, — אויב דאָס קינד וועט זיך עס אויסקלייבן אַליין, זאָל עס, אָבער איך זאָל עס טאָן בידים? — ניין! לויט אונדזערע געפילן, וועלן מיר עס דעם קינד גאָר שטערן, אים וואָרענען". וואָס וועט איר טאָן מיט אַזוינע עלטערן? אויך זיי זיינען יוצאים מן הכלל, אָבער... די יוצאים מן הכלל ווערן שוין באַלד אַ כלל...

און, טייערינקע, ניט פירער דאַרפן מיר צוגרייטן. פירער ווערן „מיסטע־ריעז" געבוירן, מען קאָן זיי ניט „פאַבריצירן"; פירער וואַקסן אַרויס פון די מאַסן. די מאַסן דאַרפן מיר דערהייבן, פון זיי דאַרפן אַרויסוואַקסן פירער, מחמת ווי צום פירער און צו די מאַסן, וואָס דער תהום איז צווישן זיי אַ צו טיפער, מען פאַרשטייט זיך ניט — און פון דעם גרעסטע אומגליקן.

אפילו פעדאַגאָגיש־דערציעריש איז אַן אָפּקלייב שעדלעך. די אויסדערווייל־טע קאָנען פאַרריסן ווערן, אָנגעגאָסן ווערן מיט גאווה, נעמען אַראָפּקוקן אויף די מאַסן פון אויבן אַראָפּ, ווי אויף „בהמות", וואָס זיי דאַרף מען פירן, און אַריין־אין צאַרן, ווען די דאָזיקע „בהמות" לאָזן זיך ניט פירן, ווען צווישן די „בהמות" געפינט מען גאָר אַזוינע, וואָס האָבן מער שכל, מער טאַקט, מער האַרץ, וואָס זיינען טיפער, זעען ווייטער און בעסער פאַרן פירער, וואָס ווען מען קלייבט אים ניט אָפּ פון דער „סטאַדע", ווען ער לעבט זיך צונויף מיט דער „סטאַדע", — וואָלט אַ סך בעסער געווען פאַר אים און פאַר די געפירטע. די געפאַר פון „גע־שוואָלענע קעפּ" איז אַן אַקטועלע.

נו, וואָס וועט איר טאָן, ווען צווישן די אָפּגעקליבענע „פולע קערנער" וועט פול זיין מיט „פּוסטע קאַסטרע"? וועט קומען אונדזער י. י. שוואַרץ און אייך ווייזן (אין זיינע „יונגע יאָרן") זיינע חברים אין דער ישיבה:

„דער גוטער און תמים־דרך און דער וויצלינג; מיט פשטות איינגעבוירענער און שאַר־רוח; דער פלינקער שאַרפער קאָפּ, דער עלוי, דער שלעכטער און פאַר־ביסענער, דער מיזאַנטראָפּ, וואָס קאָן ניט קוקן גלייך דיר אין די אויגן; דער קמצן און די פרייע האַנט; דער כיטרער פוקס; דער פּלאַפּלער און דער טומלער און פאַר־כאַפּער; דער ניט־פאַרגינער, און דער פוסטער בעל גאווה; און דאָס שטילע צניעות־דיקע יינגל, תמיד גרייט זיך טיילן מיט אַ חבר מיטן לעצטן ביסן: אַ העלפט פון הויפן אַרבעס, אַ געפּרוירן עפּעלע, געקויפט פון דער באָב־יידענע פאַר זיין לעצטן גראָשן. געווען אויך צווישן אונדז פּראָצענטניקעס, אַנטליען דיר אַ קאָפּעקע, אַרויס־געריסן צוויי, גענוי ווי ביי די גרויסע"...

נו, פאַראַן דאָ גאָלדענע מענטשן, אָבער מער אַזעלכע, וואָס הלוואי זיינען זיי ניט קיין פירער, קיין רבנים. מען קאָן ניט אָפּקלייבן, און אַז מען זאָל קאָנען, קאָן עס גריילעך ניט טויגן. ווידער וועט מען מיר זאָגן, אַז דאָס זיינען יוצאים מין הכלל. עס ווערט שוין באַלד כלל...

די אַלע פריינד, וואָס האָבן די אַדער יענע טענות צו דער טאָגשול, וואָס ביי זיי איז נאָך אַ ספק, צי די טאָגשול קאָן אונדז ברענגען די ישועה; וואָס זוכן אַנדערע מיטלען צו דערגרייכן גרעסערע פעולות; וואָס וואָלטן שוין אפשר מסכים געווען אויף דער טאָגשול, אָבער זיי ווילן זי מאָדיפיצירן, אַריינברענגען געוויסע שינויים. די אַלע פריינד, בין איך זיכער, פאַרשטייען, אַז בלייבן ביי דעם אַלטן, ביי דער נאָכמיטאָג־שול — טאָר מען ניט. נאָך מער, זיי פילן, אַז עס ווערט שפּעט, מען טאָר אַ טאָג ניט פאַרלירן, מען מוז וואָס גיכער זיך אַרויסבאַקומען פון דעם גרויליקן צושטאַנד פון אונדזער יידישן חינוך. פאַר די דאָזיקע פריינד האָב

איך, אַזוי פיל איך, שוין אַלץ געזאָגט, און איך וואָלט ביי דעם געקאָנט זיך אָפּ־שטעלן. איך וויל אָבער דאָך עפּעס צוגעבן און ווייזן די גינסטיקע זייט פון דער טאָגשול, אפשר וועלן די פאַקטן איבערצייגן די, וואָס וואַקלען זיך נאָך. איז לאָמיר צוטרעטן צו דעם.

א) מען האָט זיך די לעצטע יאָרן (אַ ביסעלע שפּעטלעך...) שטאַרק גענו־מען זאָרגן וועגן קינדער מיט העכערע פעאיקייטן, וועגן קינדער, וואָס זייער אויפ־נאַמס־פעאיקייט איז אַ גיכע, אַ שאַרפע, אַ בליצאַרטיקע, וועגן געניאַלע קינדער. ניט איין קינד, נאָר טויזנטער און טויזנטער קינדער, האָט מען זיך געכאַפּט, וואָס האָבן אַרויסגעשיינט מיט שאַרפזין, מיט געניאַליטעט, מיט זכרון, וואָס האָבן זיך געריסן צו וויסן, וואָס לערער פלעגן זיי באַוואונדערן און פאַרויסגעזאָגט אַ הער־לעכע צוקונפט, — זיינען גאָר פאַרקראָכן אויף דרכים, וואָס די עלטערן האָבן זיך פאַרשאָלטן די יאָרן איבער דער מתנה פון דעם אייבערשטן אין זייערע קינדער, איבער זייער געניאַליטעט. די געניאַליטעט איז פון אַ ברכה פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קללה. עלטערן האָבן זיך בעסער געוואונטשן דורכשניטלעכע קינדער, און... ניט איין פאָטער און ניט איין מוטער האָבן געלעבט אין גרויס שרעק, ווען זיי פלעגן דערזען, אַז זייערס אַ קינד איז זייער פעאיק.

נו, איז אַנטשטאַנען די פראַגע, צי זיינען מיר, לערער, ניט שולדיק, וואָס אַזוינע „מעכטיקע שטראָמען" ברעכן דורך די „דאַמבעס"? מיר האָבן זיך תמיד געהאַלטן אין איין זאָרגן וועגן צוריקגעשטאַנענע קינדער, אָפּגעשטאַנענע, קינדער מיט שוואַכערע אויפנאַמס־פעאיקייטן. מיר האָבן אַ גאַנצע ליטעראַטור איבער דער פּראָבלעם, ספּעציעלע שולן אפילו. אָבער וועגן געניאַלע קינדער וואָס איז זיך דאָ צו זאָרגן? די „כלה" איז צו שיין, וואָס?

לערער האָבן גענומען באַמערקן, אַז אָט די געניאַלע קינדער זיצן זייער אומרואיק אין קלאַס, זיינען דאָס רוב שווער צו קאָנטראָלירן, זיי זיינען אָפט נער־וועז, עפּעס ווי צערייצט, אָפט אויפגערעגט, ענטפערן אָפט מיט רוגזא, עפּעס תמיד אומצופרידן, און ניט נאָר אין שול, אויך אין די היימען זיינען זיי אַזוי. רואיקער, געלאַסענער, געזינטער זיינען די קינדער, האָט מען גענומען באַמערקן, וואָס זיצן אין העכערע קלאַסן, לויט זייער עלטער, צי די קינדער, וואָס לערנען זיך מוזיק, טענץ, וואָס האָבן געפונען אַ „האָבי", אַן אינטערעס אין אַ וועלכער־עס־איז אַרבעט. מען האָט זיך גענומען אָנשטויסן, אַז אפשר איז די סיבה פון זייער נערוועזיטעט, זייער אומרו, זייער צערייצטקייט, — וואָס עס איז זיי לאַנגווייליק, מאַנאָטן צו זיצן שעהן אין קלאַס און נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל הערן פון דער לערע־רין אויפקלערונג אין לימוד, וואָס זיי האָבן עס בליצאַרטיק „געכאַפּט", אפילו פון אַ וואונק. ווערן מיר דען ניט נערוועז, ווען עמעצער האַלט אין אונדז „אַרייב־קייען און איבערקייען" אַן ענין, וואָס „גוואַלד, הערט שוין אויף, איך הער עס שוין צום צענטן מאָל, איך האַלט עס ניט אויס"...

דר פּאָול וויטי פון נאָרט־וועסטערן־אוניווערזיטעט שרייבט, אַז מען באַגייט אַ גרויסע עוולה, נאָך מער, אַ גרויסן פאַרברעכן, וואָס מען נעמט ניט ערנסט די

פראָבלעם פון קינדער מיט העכערע פעאיקייטן, מחמת פאַר אַזוינע קינדער איז דער דורכשניטלעכער קוריקולום צו גרינג; זיי זיצן אין קלאַסן מיט דורכשניטלע־כע קינדער און ווערן טויט מיד; די דאָזיקע מידקייט, האַלט ער, איז די סיבה פון זייער שטיפערישקייט, פון זייער רעבעלירן, פון זייער נערוועזיטעט, פון זייער נערווירן די לערער. דאָס זיינען קינדער, שרייבט ער, וואָס ברעכן די דיסציפּלין, וואָס שטערן דעם קלאַס. אַזוינע קינדער, וואָס עס שפּרודלט פון זיי, ווי פון אַ „פאָנטאַן", ענערגיע, געפינען וועגן ווי אויסצולאָדן די ענערגיע, און זייער ·אָפט אויף געביטן, וואָס ברענגט זיי צו גרויסע אומגליקן. אַזוינע קינדער בייטיקן זיך אין וואָס מער אַרבעט, אין אינדיווידועלער אויפמערקזאַמקייט מצד דעם לערער, וואָס קאָן ריכטן זייערע פעאיקייטן, זייער ענערגיע לטובת דעם קינד, און ניט לרעה, ווען דאָס קינד זוכט אויפצולייזן זיין אומרו, זיין נערוועזיטעט.

מיר מעגן דאַנקען דעם פּראָפעסאָר לואיס מ. טערמאַן, פון סטאַנפאָרד־אוני־ווערזיטעט, וואָס האָט געשאַפן דעם טערמין „איי־קיו", אָפּצושאַצן קינדער ניט לויט זייער עלטער, נאָר נאָך זייער אַנטוויקלונג. ער איז אויך געווען דער, וואָס האָט אָנגעוויזן אויף דער פּראָבלעם פעאיקערע קינדער.

ד"ר טעאָדאָר וואַן־דעלען האַלט, אַז אַרום 20 פּראָצענט אַמעריקאַנער קינדער האָבן העכערע אויפנאַמס־פעאיקייט. ער דערציילט, אַז אַ מוטער האָט צו אים גע־בראַכט אַ קינד, 7 יאָר אַלט, וואָס איז געווען זייער נערוועז, פלעגט ביי דער קלענס־טער שטערונג זיך צעוויינען, זיך נעמען רייסן די האָר פון קאָפּ, שרייען, טופּען מיט די פיס, זוכן עפּעס־וואָס צו צעברעכן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מאָס פון דער אינטעליגענץ פון קינד איז געווען 153 „איי־קיו". מיטן אָפּגעבן דאָס קינד אין אַ פּריוואַטער שול, מיטן געפינען פאַרן קינד געוויסע, לויטן קינדס געפילן, באַשעפטיקונגען, איז דאָס קינד געראַטעווען געוואָרן. יאָ, געראַטעוועט גע־וואָרן! די עלטערן אויך...

אָט האָט מען, דאָ ניט לאַנג צוריק, באַשטימט אַ סך ביליאָנען צו בויען וועגן. די אויל־און אויטאָמאָביל־אינדוסטריע איז אין דעם געווען טיף פאַראינטע־רעסירט, אָבער געלט צו בויען וואָס מער שולן, העכערן דעם לעבנס־סטאַנדאַרט פון לערער, עס זאָל ניט זיין קיין דוחק, — אויף דעם איז קיין געלט ניטאָ... מען פירט דורך קאָנפערענצן וועגן קינדער־פאַרברעכערישקייט, און... די שענדלעכע און שעדלעכע קינדער־ליטעראַטור ווערט ווייטער פאַרשפּרייט, און די קינאָ־טעאַ־טערס און די טעלעוויזיעס ווייזן פאַרברעכערישע בילדער.

קלאַסן זיינען איבערפולט מיט קינדער, אַז לערער קאָנען זיך אָפט קיין עצה ניט געבן, קומען אַריין אין קלאַס מיט פרייד עפּעס אויפצוטאָן, אָבער פרייען זיך ווען דער „גיהנום" איז אַריבער, מען גייט שוין אַהיים, מחמת אין קלאַס האָט דער לערער געהאַט אַן ערב־רב, אָדער, בעסער געזאָגט, אַ מישמאַש פון פאַר־שיידענע קינדער. דער קלאַס איז באַשטאַנען פון קינדער, וואָס זייערע עלטערן דערציען זיי ביד חזקה, און לכן זיינען זיי צעשראָקענע, אָנגעשראָקענע און אי־בערגעשראָקענע קינדער, מחמת אין דער היים איז ביי זיי ניט קיין היים, נאָר אַ

„קאָנצענטראַציע־קעמפּ“: די עלטערן זײַנען תּפֿיסה־וועכטער“ און די קינדער, פֿאַרשטייט זיך, „קרימינאַלן“, „פֿאַרברעכער“, „אַרעסטאַנטן“, וואָס מען „קאַטעוועט“ פֿאַר יעדער קלענסטער „זינד“. דער קלאַס, הייסט עס, איז באַשטאַנען פֿון אַזוינע קינדער און... פֿון קינדער גאָר ניט דערשלאָגענע, וואָס האָבן „גאָר גוטע“ עלטערן: מען לאָזט זיי טאָן, וואָס זיי ווילן נאָר, אַבי זיי לאָזן די עלטערן צורו, אַבי זיי בלײַבן אַליין מיט אַ „זיצערקע“ אין דער היים, אַבי זיי שטערן נאָר ניט די עלטערן „צו לעבן“... און פֿון קינדער, וואָס די הויט קאָן אויף זיי ניט רוען, ניט אַ מינוט, יעדע ווײַלע שפּרינגען זיי אַרויס מיט אַ נײַעם שפּיצל... און פֿון קינדער נערוועזע, אָדער אויך פֿון טיפֿערע קינדער, פֿעאיקערע, גאוניאַלע. נו, די לערערין — ניט זי קאָן די קינדער (וואו האָט זי צײַט? דער קלאַס איז אַן איבערגעפֿולטער, ער גייט אויף „רעדעלעך“), ניט זי קען די קינדער, ניט די עלטערן. אַך, ווען אָט די קינדער קריגן אינדיווידועלע אויפֿמערקזאַמקייט, ווי אַנדערש וואָלטן געווען, ווי גליקלעך די קינדער, די עלטערן און די לערער אוודאי. לערער ווערן אַליין „אַ בינטל צעשרויפֿטע נערוון“; נו, איז דער לערער גליקלעך, ווען ער גייט שוין אַהיים... די גרעסטע צרה איז אָבער מיט די פֿאָרגעשריטענע קינדער, מיט די, וואָס זייער אויפֿנאַמס־פֿעאיקייט איז אַ הויכע, מיט די גאוניאַלע קינדער, — זיי קאָנען אין שטיפֿערײַען ניט אויסלאָדן זייער ענערגיע, באַרואיקן די צעשרויפֿטע נערוון פֿון לאַנגווייל און מאַנאָטאָנקייט, מחמת זיי קאָנען אויפֿנעמען מער און גיך. אַזוינע קינדער לאַנדן אין גרויסע אומגליקן...

דער רמב״ם האָט נאָך מיט אַרום 800 יאָר צוריק געלערנט, אַז די צאָל תּלמידים אין אַ גרופּע דאַרף זײַן אַ באַגרענעצטע, אַז מער ווי 25 קינדער טאָר מען ניט אַרײַננעמען אין אַ גרופּע. עס איז ניט אָפּצושאַצן דעם ווערט פֿון אַ טאָגשול פֿאַר מער פֿעאיקערע קינדער, אָבער אויך דורכשניטלעכע קינדער קאָנען אַ סך, זייער אַ סך געווינען, מחמת דער קלאַס באַשטייט ניט פֿון אַ „טאָלפּאַ“, — פֿאַר יעדן קינד איז וויכטיק אַז די לערערין, דער לערער זאָל זײַן אַ נאָענטער מענטש, זאָל זײַן מער דערציער, ווי לערער, ווײַל ניט אין אויסלערנען דאַרף עס גיין, נאָר אין דערציען. אַזוי פֿאַרוואָס זאָל טאַקע דאָס קינד ניט לערנען מער, ניט לערנען טיפֿער, לערנען ביי אַ רואיקער שטימונג אין קלאַס, ניט מיד ווערן פֿון טומל, פֿון הוהא, פֿון דער נערוועזער, אָנגעצויגענער לערערין? סוף כּל סוף גייט עס דאָך אין דערהייבן דעם לעבנס־נוסח, גייט דאָך אין אויפֿוועקן אין קינד דעם דראַנג צו אמתער ליטעראַטור, צו קונסט, צו מוזיק, עס זאָל הנאה האָבן פֿון אַ העכערן, שענערן, גײַסטיקערן לעבן. אַ המון־שול דערציט המון־מענטשן, וואָס קאָנען לייענען (אָבער וואָס איז זייער געשמאַק?), וואָס האָבן אַ באַגריף פֿון עלעקטריציטעט, פֿון דעם געבוי פֿון אַ טעלעוויזיע, פֿון אַן אויטאָמאָביל, — אָבער ניט אויפֿגעוועקט אין זיי איז דער דראַנג צו אַ הימל, צו גײַסטיקייט. כאַכאָטשעט מען, וואו איין גאָט ווייס, וואָס איז דאָ צו כאַכאָטשען; לויפֿט מען צו די געוועט־לויפֿן פֿון הינטלעך און פֿערלעך, צו ראַנגלענישן. איז דאָס לעבן? אָבער אונדז גייט דאָך אין נאָך וואָס. מיר האָבן אַ גרויסן אוצר פֿאַר אונדזערע קידער, — מיר זײַנען

אין די צוגאָב־און די נאָכמיטאָג־שולן ניט ביכולת עס צו געבן.

ב) פאַראַן נאָך אַ פּראָבלעם, וואָס פאַר די עלטערן, וועלכע זיינען אַליין שוין לאַנג קיין קינדער ניט, אָדער וואָס זיינען נעבעך קיינמאָל קיין קינדער ניט געווען... איז עס קיין פּראָבלעם ניט. דאָס זיינען עלטערן, וואָס „ווייסן" תמיד בעסער פאַרן קינדער־פּסיכאָלאָג, פאַרן לערער, פאַרן דאָקטאָר. דאָס זיינען עלטערן, וואָס האַלטן אין איין מוסרן, אין איין טענהן, אַז „זיי אין זייערע יאָרן", מחמת זיי האָבן נעבעך אַ זייער קורצן זכרון... זיי האָבן פאַרגעסן, אַז קיין צדיקים זיינען זיי נישט געווען. דאָס זיינע עלטערן, וואָס בעת אַ קראַנקהייט לויפן זיי צו אַ ספּעציאַליסט, אין דערציונג אָבער זיינען זיי אַליין „גרויסע ספּעציאַליסטן" און... קומען צו לויפן צום לערער, צי צום קינדער־פּסיכאָלאָג, ווען עס איז שוין צו שפּעט, אחר המעשה, ווען דער חלף ליגט שוין אויפן האַלדז... דאָס זיינען עלטערן, וואָס האַלטן, אַז שפּיל פאַר קינדער איז אַ לוקסוס, אַן איבעריקער ענין; זיי לאַכן זיך אויס, ווען מען דערקלערט זיי, אַז אַ קינד נייטיקט זיך אין שפּיל, ווי אין לעבן, אַז קינדער נייטיקן זיך אין שפּיל אויסצולאָדן זייער ענערגיע, צו באַרואיקן די „טייפונען", די „אוראַגאַנען", די שטורעם־כוואַליעס פון געפילן, וואָס בושעווען אין דער נשמה פון קינד.

אַזוינע טאַטעס און מאַמעס (מאַמעס ווייניקער אַ ביסל) און זיידעס־באָבעס, פון דעם נעבעכטיקן דור טענהן אָפט: „גוואַלד, וואָס טוט זיך דאָ? וואָס זאָרגט מען זיך אַזוי היינטיקע ציטן וועגן שפּיל פאַרן קינד — משוגע, וואָס, זעט, וויפל ביכער, ליידיקגייער, משמעות האָבן עס אָנגעשריבן איבער שפּיל. מיר האָבן זיך נישט געשפּילט, און דאָך"... גיי און זעץ אָט די חכמים אַוועק און ווייז זיי, אין וואָס אַ קינד קאָן זיך „ארײַנלעבן", ווי אַ קינד קאָן „אויסלעבן" זיך לרעה, ווען עס האָט זיך ניט אויסגעלעבט אין שפּיל. און... אַז אויך זיי האָבן זיך געשפּילט, זיי האָבן נאָר פאַרגעסן אָן דעם.

דערציילט מיר אַ ייד, אַז ער פלעגט אַוועקשטעלן זיינע צוויי ייִנגערע ברידער פאַר משוררים, זיך באַדעקן מיט אַ ליילעך, פאַר אַ טלית, און עס פלעגט אַוועק אַ שפּיל אין „חזן און משוררים"; אָדער ווי ער פלעגט אויסזעצן די שכנישע קינדער און אַליין זיך אַוועקשטעלן מעשה מגיד מוסרן דעם עולם; אָדער ווי ער פלעגט זיך שפּילן אין טאַטע־מאַמע־קינדער, ער פלעגט זיין דער טאַטע, אַ שוועסטער די מאַמע, די אַנדערע שכנישע קינדער זייערע „קינדער", און דאָ פלעגט מען זיך „קריגן" אין שטוב, אָדער קאָכן, זיצן ביים טיש און זינגען זמירות. אַ צווייטער ייד דערציילט מיר, אַז זיינע אַ קרובה האָט אים געבעטן אַרויסהעלפן איר זונעלע אין העברעאיש. נו, האָט ער קודם כל אויפגעשריבן אויף אַ גרויסן בלאַט פּאַפּיר „בית הספר", געקראָגן אַ האַמער און צוויי טשוועקעס, זיי געקלאַפּט אין וואַנט, אויפצוהענגען דעם „שילד"; ער געדענקט, ווי די קרובה איז אַרײַנגעלאָפן אין צימער מיט אַ געשריי, מחמת ער האָט אָנגעטאָן אַ גוטן חורבן אין וואַנט... זי האָט אים אָנגענומען פאַרן האַנט און אים משלח געווען, זיין פוס זאָל זיך מער ניט „יאַ־ווען" ביי איר אויף די טרעפּ. נאָך אַ ייד דערציילט, ווי ער און זיין חברל האָבן

זיך אַרויסגעגנבעט פון חדר, צוגעלאָפן צו דער קאַרוסעל, וואָס איז געשטאַנען ניט ווייט פון חדר, אַרויפגעקראָכן אויפן בוידעם פון קאַרוסעל, געהאָלפן דרייען די ראָד (געווען פון די פרימיטיווע קאַרוסעלן, אין יענע צייטן), און אַזוי זיך פאַרדינט אַ „יאזדע" אונטן, אויף די הילצערנע פערדלעך. איין מאָל, דערציילט ער מיר, האָט ער, אַזוי דרייענדיק די ראָד, דערזען הינטער זיך דעם רבין... ער ווייסט ניט, צי ער וועט זיך אַמאָל אַזוי דערשרעקן פאַרן מלאך המות, ווי דעמאָלט פאַרן רבין... אָבער דאָס האָט ניט געשטערט, אים מיט זיין חברל, נאָכן לערנען, זיך ווידער אַרויפכאַפּן אויפן בוידעם פון קאַרוסעל; אמת, מען איז געקומען שפּעט אַהיים, געקראָגן נאָכאַמאָל געשמיסן, אָבער ניט די שמיץ פון רבין און ניט פון טאַטן האָט זיי אָפּגעשטעלט ווידעראַמאָל צו רייסן זיך צום קאַרוסעל.

קינדער בייטיקן זיך אין שפּיל און אין פאַרגעניגנס ניט ווייניקער און אפשר נאָך מער פאַר אונדז, דערוואַקסענע. אַן עלטערער ייד, וואָס האָט זיך צעוואַרעמט מיט זיינע דעראינערונגען פון זיינע קינדערשע יאָרן, האָט מיר דערציילט, ווי ער האָט אַמאָל אויסגעריסן אַלע קנעפּלעך פון זיין מאַמעס שבתדיקן בגד, ווייל ער האָט געהאַט פאַרשפּילט אַלע זיינע קנעפּלעך, ניט געהאַט מיט וואָס אנצו־הייבן פון דאָס ניי. ער געדענקט, וואָס פאַראַ חורבן אין שטוב איז געוואָרן, ווען שבת אינדערפרי האָט זיך זיין מאַמע געכאַפּט, אַז זי האָט ניט וואָס אָנצוטאָן צו גיין אין בית מדרש.

מיר, ייִנגלעך, האָבן זיך געשפּילט לעבן חדר אין קנעפּלעך; מיר פלעגן זיך פאַרמעסטן אין געלויף; מיר פלעגן שפּילן אין „לאפּאטא"; מיידלעך פלעגן זיך שפּילן אין צייכנס, אין פּילקע, מיט פּאַפּקעס, — און וואָס ניט? גיט צו דעם צו דאָס שפּילן פּסח, אין ניס, גיין אין וואַלד מיט הילצערנע שווערדן רייסן גרינס אויף שבועות, חנוכה אין דריידלעך, און אונדזער אַרומלויפן פּורים מיט די שלח־מנותן איבערן שטעטל. און סוכות העלפן בויען די סוכה, זי אויסהענגען מיט פאַר־שיידענע פּרוכטן — איז דען קיין שפּיל פאַר קינדער ניט געווען? און שמחת תורה און... מען האָט זיך געשפּילט, זייער אַ סך זיך געשפּילט און געזוכט פאַרגעניגנס אין לעבן. ווי דען אַנדערש? קינדער דאַרפן עס.

לייענט, וואָס קינדער־פּסיכאָלאָגן זאָגן וועגן שפּיל (אונדזערע גאונים, אונד־זערע רביים, אונדזערע גרויסע גייסטער האָבן ענלעכעס געזאָגט און צוגעגרייט צו יעדן יום־טוב עפּעס וואָס שפּילעווודיקעס פאַר די קינדער). די קינדער־פּסיכאָלאָגן זאָגן אונדז, אַז שפּיל וועקט אין קינד שעפערישקייט, אונטערנעמונגס־גייסט; אַז אין שפּיל לערנט זיך דאָס קינד צו אַרבעטן מיט האַנט און מארך; אַז שפּיל ברענגט דעם קינד פרייד, וואָס דאָס איז זייער געזונט פאַר דער נשמה פון קינד, און... ניט דאָ איז דער פּלאַץ צו רעדן וועגן דעם, וואָס פאַרא טעראַפּעשע ווירקונג, וואָס פאַרא רפואה אָט די אַלע בייסבאָל, פוטבאָל, באַסקעטבאָל זיינען, צו פאַציפיצירן געוויסע צערייצטקייטן, וואָס ווערן אַרויסגערופן אין קינד ביים רייף ווערן, וואָס פאַרא ליידנשאַפטן עס ווערן איינגעשטילט אין דעם אויפוואַקסנדיקן קינד. אונ־דזשערע קינדער זיינען ברוך השם דאָס רוב זייער געזינטע קינדער. מען זאָרגט

זיך פאַר זייער געזונט, איידער נאָך זיי ווערן געבוירן, און שפּעטער אוודאי — ווי וואלט געווען, ווען זיי נייטראַליזירן ניט זייער ליידנשאַפטן אין שפּיל.

ניט איין מוטער, וואָס איז נעבעך אַרומגעלאָפן פון איין דאָקטאָר צום צווייטן מיט איר קינד, וואָס איז נערוועז, צערייצט, שלאָפט אומרואיק, וואַרפט זיך, שליידערט זיך, — האָט אויסגעפונען, אַז די צרה איז ניט אין קינד, נאָר אין איר „שלעפּן" דאָס קינד אין דער „אויסגעוואַקסנקייט" אַריין, מחמת זי וויל זיך נאָר אויספּיינען פאַר שכנים, און לכן רייסט זי אָפּ דאָס קינד פון שפּיל. אַ קינד דאַרף ווי אין לעבן זיך פילן פריי און דאַרף צייט האָבן זיך צו שפּילן, אויסצושפּילן זיך צו זאַט.

מערי וו. מאַפּיט פון קווינס-קאָלעדזש לערנט אונדז, אַז פּאַרטיקע צאַצקעס, מיט וועלכע קינדער שפּילן זיך, האָבן קיין גרויסן ווערט ניט, אויב בכלל אַ ווערט. „אַ קינד, וואָס דאַרף אַליין אויסמאַסטערירן אַ שפּיל-זאַך, אַרבעט מיטן מאַרך, טראַכט, קאָמבינירט, און האָט הנאה. העגט און מאַרך געווינען פון דער שותּפות". זי האַלט אַז שפּילן זיך איז פאַרן קינד וויכטיק, ווי אין לעבן. ביים שפּיל לעבט אויף אַ קינד, באַרואיקט די נערוון, רוט זיך אויס, און זאַפּט זיך אָן מיט שעפּערישקייט און מיט גאָר אַ סך פרייד.

נו, טייערינקע, ווען קאָן זיך אַ יידיש קינד, וואָס לערנט זיך אין אַ צוגאָב — נאָכמיטאָג-שול, שפּילן? עס דאַרף זיצן אין קלאַס (אוי, „זיצט" עס), בעת אַלע קינדער, די מערהייט, שפּילן זיך אויף די הויפן, אין גאַס, אין די „צענטערס", אין די „ווײַ עם אייטש איים", אין די פאַרשיידענע קינדער-קלובן. יאָ, דווקא דעמאָלט, ווען די גאַסן זיינען פול מיט יידישע קינדערלעך, וואָס האָבן „גוטע" עלטערן, זיי גיבן זיי ניט קיין יידישע דערציאונג, צי זיי שיקן זיי נאָר איין מאָל אין וואָך אין אַ זונטיק-שול, — דווקא דעמאָלט, ווען די גאַסן און די הויפן ווערן פאַרהילכט פון פריידיקע שאַלן, פון הויכן געלעכטער, ווען קינדער צעפלאַמטע פון התלהבותדיקע שפּילן, — שלעפּט זיך דאָס קינד אַרום אַ שעה צייט איבערן שטאָט אין דעם שול-אָמניבוס אויפן וועג אין שול, זיצט אין קלאַס, און טרייסלט זיך נאָך דעם ווידער אַ שעה אויפן וועג אַהיים... אַזוינע קינדער טראַכטן נעבעך זייערע טרויעריקע מחשבות און ציילן די טעג, ווען זיי וועלן שוין באַפרייט ווערן פון דעם „אומגליק" זייערן...

נו, האָבן אַ סך שולן געפונען אַ תרופה. מען לערנט נאָר 2 צי 3 מאָל אין וואָך. איז קודם כל פאַלן אָפּ צונויף די גרופּעס-שפּילן מיט דער צייט פון לערנען. און... ווי צו דער תרופה פון דערציערישן שטאַנדפּונקט... ווי צו אונדז און צו אונדזערע קינדער, וואָס פאַרא דערציִונג דאָס איז.

וועלכער לערער פון אַ נאָכמיטאָג-שול קאָן פאַראיבל האָבן אויף אַ קינד, ווען זיין קעפּעלע איז ניט ביים לערנען, האָ? איך געדענק, ווי לעבן אונדזער שול איז געווען אַ ליידיקער שפּילפּלאַץ. נו, איז דאָך גוט, האָ? די קינדער קאָנען „אַריינכאַפּן" אַ שפּיל. גוט, אָבער אויך זייער און זייער שלעכט. פלעגט דער גלאָק זיך צעקלינגען, אַז מען דאַרף אין קלאַס אַריין, האָט מען געדאַרפט האָבן אַ

האַרץ פון שטיין, ניט רחמנות צו האָבן אויף די קינדער... און אַז די אייגעלעך פון די קינדער פלעגן זיך צי ציען צום פענצטער, אָדער אַז אַ הורא־געשריי פון געווינער פלעגט זיך אַריינרייסן אין קלאַס, פלעגט ווערן אויס קלאַס... איך געדענק, ווי מיינער אַ תלמיד האָט מיך געבעטן, איך זאָל אים אָוועקזעצן ווייטער פון פענצטער. דער שפּילפּלאַץ איז מיר געשטאַנען, ווי „אַ ביין אין האַלדז", מחמת אויף אים האָבן זיך אָן אויפהער געשפּילט קינדערלעך פון דעם מין „גוטע" עלטערן, וואָס האַלטן ניט פון יידישער דערציאונג.

שפּעטער, ווען אונדזערע יידישע היימען האָבן זיך גענומען אויסליידיקן פון גייסטיקייט, ווען אונדזערע מאַמעס און טאַטעס האָבן בכלל אויפגעהערט צו פילן פרייד אין דערציען זייערע קינדער ווען מיר האָבן אָנגעהויבן צו זען די גרויסע ענדערונג, אין דעם לעבנס־נוסח, ווען אונדזערע עלטערן האָבן אָנגעהויבן ליידנשאַפטלעך צו וועלן לעבן, ווען זיצן אין דער היים איז געוואָרן אַ „נודעניש", ווען אונדזערע קינדער האָבן גענומען נאָכמאַכן אונדזערע עלטערן אין וועלן לעבן, — האָבן מיר אין גענומען קלאָרער זען, אַז אויב מיר'ן ניט געפינען אַ תרופה ניט אָפּצורייסן די קינדער פון שפּיל, דווקא אין יענע שעהן, ווען קינדער שפּילן זיך, וועט זיין זייער שלעכט.

איך געדענק, ווי היינט וואָלט עס געווען, איך געדענק אַ קינד, וואָס איז ביי מיר געווען פון די בעסטע תלמידים, איז עפּעס איין טאָג געזעסן אין קלאַס טרויעריק, אומעטיק, פאַרכמורעט. איך האָב שפּעטער אויסגעפונען די סיבה, וואָס פאַרצווייפלונג, צער האָט פשוט אַרויסגעוויזן פון דעם דאָזיקן קינד. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיין גרופּע בייסבאָל־שפּילער האָט אים אויסגעשלאָסן. זיי האָבן פאַרלאָרן אַ געוועט־שפּיל און אים באַשולדיקט אין זייער „גרויסן אומגליק", מחמת איבער דער שול פלעגט ער אָפּט דוכלאָזן רעפּעטיציעס. די צייט פון די רעפּעטיציעס פלעגט אָפּט צוזאַמענפאַלן מיט דער צייט, ווען ער האָט געדאַרפט זיין אין שול. נו, פילט ניט מיט אַזאַ קינד! אויב ביי איך איז שפּיל ניט קיין ענין, איז עס ביים קינד זיין לעבן. און אַזוי דאַרף עס זיין, און וואָס לענגער, איז עס בעסער פאַרן קינד, מחמת, וואָס לענגער אַ קינד איז קינד, אַלץ געזינטער איז עס פאַר אים. איר מיינט חלילה, אַז ווען איך פלעג זיך דערוויסן, אַז דאָס קינד, צי אַן אַנדער קינד האָט זיך ניט באַוויזן דעם אָדער יענעם טאָג אין שול, מחמת, ניט געקאָנטביישטיין דעם נסיון, און אָנשטאָט צו גיין אין שול, האָט עס אויפן וועג אין שול זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ שפּיל מיט זיין גרופּע, — מיינט איר, אַז ווייס גאָט, וואָס פון אים וועט אויסוואַקסן? ניין און ניין. איך פלעג אין אַזאַ פאַל גוטמוטיק זיך דורכשמועסן מיטן „פאַרברעכער", וואָס האָט ניט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון, כדי זוכן אַ וועג, ער זאָל ניט דאַרפן „זינדיקן". און אין האַרצן פלעג איך אים מיטפילן, פאַרשטיין, אַז די שול האָט אים דערפירט צו זיין „פאַרברעכן". אָפּט פלעג איך אַריין אין „דיפּלאָמאַטישע" פאַרהאַנדלונגען מיט אַ שפּיל־גרופּע, זען, צי איז פאַראַ אַ מעגלעכקייט צו בייטן די צייט; איך פלעג אַמאָל אַריבערפירן אַזאַ קינד אין אַן אַנדער קלאַס; איך פלעג אַמאָל צופּאַסן די אָדער

יענע קעגנשטאַנדן אין אַ קלאַס צו דעם אָדער יענעם טאָג. דאָס קינד זאָל קאָנען דורכלאָזן דעם טאָג אין שול, און קומען אַן אַנדער טאָג פּריוואַט צו מיר, נאָך די לימודים, צי צווישן די לימודים, אַנצוזאָגן דעם קלאַס; עס פלעגט אַמאָל זיך שאַפן אַ געלעגנהייט דאָס קינד זאָל איין טאָג אין וואָך לערנען מיט אַן אַנדער קלאַס. ניט אַלע מאָל פלעגט מיר געלינגען „דער וואָלף זאָל זיין זאַט, און דאָס ציקעלע גאַנץ. נו, פלעגט טאַקע זיין זייער שלעכט. אָרגאַניזירן שפּילערייען, געווען אין שול גופא איז מעגלעך געווען נאָר דעמאָלט, מיט יאָרן פריער, ווען מיר פלעגן אין די שולן האָבן אַ סך קינדער. שפּעטער האָבן מיר עס ניט געקאָנט.

אַזוי פלעגן מיר זיך מאַטערן, אַזוי פלעגן קינדער טראָגן, זאָל זיין אומ־באַוואוסטזיניק, אַ כעס אויף דער שול. ווי אַזאַ געפיל פלעגט צעפּטרן דעם חשק אין קינד, ווי אַזאַ געפיל פלעגט שטערן די פעולה פון קינד, ווי אַזאַ געפיל פלעגט פאַרביטערן דאָס קינד, ווי אַזאַ געפיל פלעגט סוף כל סוף ברענגען דאָס קינד, עס זאָל אָנהייבן צו קעמפן „זיך אַרויסצורייסן, זיך אַרויסצוגליטשן" פון שול, — דאַרף איך אייך ניט זאָגן, איר פאַרשטייט עס אַליין.

נו, פאַרשטייט איר שוין, אַז מיר זיינען בינו לבינו געבליבן ביים „טייטל", און דאָס האָט ניט געטויגט. קאָנקורירן מיט די „וויי־עם — אייטשעס", מיט די צענטערס, מיט אונדזערע „רויבער", איז געווען, און איז ביז היינט, אַן אומזין, ניט נאָר מחמת מיר האָבן צו ווייניק קינדער געהאַט, נאָר ווייל דאָרטן האָבן די קינדער געהאַט אַלע באַקוועמלעכקייטן, רחבות, מכשירים. דאָרטן זיינען פאַר דעם אַוועק אָנגעשטעלט ספּעציאַליסטן־פּראָפעסיאָנאַלן, אַ קלייניקייט, וואָס? און... זאָל איך זיך מודה זיין? איר וועט מיך ניט לינטשן? איך האָב געהאַט אַ קינד, וואָס איז געווען גוואַלדיק פאַרקאָכט אין שפּילערייען, זיין ברענגען אין שפּיל איז געווען איבער דרך הטבע. דאָס קינד פלעגט ביי מיר פועלן זייער אַ סך פּריווילעגיעס. איך האָב דערוואַרט, אַז די עלטערן, זייער אינטעליגענטע מענטשן, איך האָב דער־וואַרט, זיי זאָלן מיר שטעלן די פראַגע: שול אָדער שפּיל? לינטשט מיך ניט, איך בין פּאַרטיק געווען צו עצהן די דאָזיקע עלטערן, זיי זאָלן זען זייער היים זאָל ווערן די דערציאונג־אינסטיטוציע, אָבער... מיין עצה איז — שפּיל; איך וועל גרייט זיין צו לערנען פּריוואַט מיטן קינד, אפילו גיין צו זיי אַהיים, אָבער... שפּיל, ניט שול. ווי אַ פיש אין וואַסער פילט זיך אַ קינד אין שפּיל, דאָ לעבט דאָס קינד, איז זאָל עס לעבן. ראשית, ווייל דאָס איז זייער וויכטיק, און... ווער ווייס — אפשר וועט עס חלילה שפּעטער ניט קאָנען לעבן, ניט האָבן קיין הארעלע פרייד אין לעבן. מאַמעס! איך שרייב עס מיט טרערן!

ווי אַנדערש איז עס מיט דער טאָגשול. דאָ, אין דער טאָגשול, לערנט זיך דאָס קינד, דאָ שפּילט עס, דאָ אָרגאַניזירט עס זיינע שפּיל־גרופּעס, דאָ פייערט מען אַלע ימים טובים, דאָ לעבט דאָס קינד. נאָכן לערנען און שפּילן, דריי אַזייגער בייטאָג, איז דאָס קינד פריי באַגלייך מיט אַלע קינדער, פריי, ווי אַ „פאַלנאַ־פּראַוונער" מיטגליד פון זיין „קינדערלאַנד", פון זיין „קינדערוועלט". און אַ קינד דאַרף זיך פילן פריי, דאַרף געוויסע שעהן אין טאָג זיין פריי פון התחיבותן. מחמת

ווי צום קינד, וואָס אים פעלט די דאָזיקע פרייהייט, דאָס געפיל, אַז עס איז פריי, עס קאָן טאָן, וואָס עס וויל, וואָס זיין האַרץ גלוסט. אַן פרייהייט און אַן שפּיל „טריקנט" איין דאָס קינד, וואַקסט עס מיט אַ משא אויף די פּלייצעס, צו ערנסט; אָן פרייהייט און שפּיל האָט דאָס קינד ניט די געלעגנהייט אויסצולעבן זיך אין פרייד, אויפצוטויכן אין זיך די פּאָטענציעלע שעפערישע כוחות, וואָס שפּעטער אין לעבן צאָלט עס פאַר דעם אַ גרויסן פּרייז, אַ שווערן און ביטערן... און ניט נאָר ער, נאָר אויך זיין צי איר לעבנסבאַגלייטער, צי באַגלייטערין, און אויך די קינדער...

ג) פאַראַן אָבער נאָך אַ פּראָבלעם, וואָס נאָר די טאָגשול קאָן אים לייזן. לאָמיר אַ שמועס טאָן וועגן אָט דער פּראָבלעם.

ס. דינגאָל, פון „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל", האָט געהאַט אַ שמועס מיט דעם פּראָפעסאָר איזידאָר טשיין (יצחק חן), פאַר וואָס אין דער אויסטייטשונג פון דעם העכסטן געריכט אין לאַנד, אַז סעגרעגאַציע אין די אַלגעמיינע שולן אין לאַנד איז ניט קאָנסטיטוציאָנעל מען און דאַרף אָפּשאַפן די סיסטעם פון באַזונדערע שולן פאַר נעגראַ־קינדער און אַנדערע קינדער, — פאַרוואָס פאַררופט זיך דער העכערער געריכט אויף אַן אָנווייזונג פון דעם דאָזיקן פּראָפעסאָר, אַז נעגראַ־קינדער, און נעגראַ־יוגנטלעכע פילן זיך אינפעריאָר, געפאַלן ביי זיך, וואָס מען טיילט זיי אָפּ, ווי מצורעים, ווי קרעציקע, חלילה, פון אַנדערע קינדער, וואָס זיי טאָרן זיך ניט לערנען צוזאַמען מיט ווייסהויטיקע קינדער אין איין שול.

איך דאַרף אייך ניט זאָגן, וואָס פאַרא סם אין נשמה פון אַ קינד איז אַ מינדערוועראיקייט־געפיל, „אַן אינפעריאָריטי־קאָמפּלעקס", וואָס רייסט זיך אַריין אין נשמה פון אַ קינד. דער דאָזיקער פּראָפעסאָר פון סאָציאָלאָגיע האָט ס. דינגאָלן געזאָגט, אַז ביז דער לעצטער צייט איז געווען אַ זעלטנהייט צו געפינען צווישן פאַרברעכערישע קינדער אַ יידיש קינד. אַנדערש איז עס היינט. אויך היינט שטייען מיר נאָך ווייט אָפּ פון אונדזערע שכנים, מיר יאָגן זיי אָבער אָן, מען באַגעגנט שוין אַ בדייטנדיקע צאָל קינדער־פאַרברעכער ביי אונדז יידן. כאַראַקטעריסטיש, וואָס די אַמעריקאַנער געבוירענע יידן, וואָס האָבן זיך דערצויגן אין די היימען פון אונדז, עמיגראַנטן נאָך, אין היימען פון מיט 30־40 יאָר צוריק, שטעלן צו אַ נישטיקן פּראָצענט פאַרברעכער בכלל. אָט שרייבט דער רעדאַקטאָר פון „דאָס יידישע וואָרט" (וויניפּעג) ש. מ. זעלטשען, אַז צווישן די 2.200 מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אין 1956 אין דער העדינגלי־תפיסה (אין דער מאַניטאָבער פּראָווינץ אין קאַנאַדע), האָבן זיך געפונען נאָר 6 יידן, אַז לויט דעם פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג וואָלט מען אין תפיסה געדאַרפט טרעפן 55 ניט 6 יידן. און ווער פון אונדז האָט ניט געהערט ,ווי רבנים זוכן פּריווילעגיע, וואָס זאָלן גרייט זיין צו דאַוונען ראש השנה און יום־כיפור מיט די יידישע אַרעסטירטע אין דער אָדער יענער תפיסה, מחמת ניטאָ קיין פולע 10 יידן דאָרטן צו אַ מנין... איך האָב דאָ ניט לאַנג צוריק געלייענט, אַז מיט אַ סך יאָרן צוריק, אין די צייטן ווען די היים איז נאָך געווען היים, זיינען צווישן פאַרברעכערישע קינדער אין די

תפיסות אין ניו־יאָרק געווען זייער אַ סך יידישע קינדער. איך האָב זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ פאַר שרעק. אָבער איר ווייסט דאָך, וואָס פאַרא כישוף־מיכערין סטאַטיסטיק איז, — זי קען דערשלאָגן אומזיסט און אומזיסט באַגייסטערן. טרוקענע ציפערן זאָגן גאָרנישט. אַט ווייסט איר למשל, אַז מיר האָבן אַ סך מער קינדער אין די יידישע דערציאונג־אינסטיטוציעס היינט, ווי מיר האָבן געהאַט מיט אַ סך, אַסך יאָרן צוריק. איז ווי אָבער קומט עס? מיר האָבן דאָך כמעט 75 פּראָצענט יידישע קינדער, וואָס קריגן גאָר קיין יידישע דערציאונג ניט, וואו איז דאָ דער טעות? די טרוקענע ציפערן ווייזן דאָס, און דאָס לעבן ווייזט עפּעס אַנדערש „סטאַטיסטיק", רחמנא לצלן... מיידלעך פלעגן אַמאָל קיין יידישע דערציאונג ניט קריגן, מען האָט פון דעם ניט געהאַלטן, די גרעסטע מערהייט יידישע קינדער פלעגן לערנען ביי פּריוואַטע מלמדים. נו, אַז עס איז געוואָרן אויס מיטן „טייטל־מלמד", אַז מיידלעך האָט מען היינט אין די שולן מער, ווי יינגלעך, — איז די סטאַטיסטיק אַזאַ! וואָס איז אָבער די מעשה מיט דער גרויסער צאָל קינדער־פאַרברעכער צווישן יידישע קינדער צו יענער צייט? די מעשה איז גאָר אַ שיינע. די אָרעמקייט איז געווען אַזאַ, אַז קינדער פלעגן דאַרפן העלפן אַריינברענגען אַ טייל חיונה אין שטוב אַריין, פלעגן יידישע קינדער אַרויסצוהעלפן זייערע עלטערן אַרומלויפן פאַרקויפן בלייערס, בריוו־פּאַפּיר, נאָדלען אאַ"וו. דאָס איז געווען קעגן געזעץ, קינדער טאָרן זיך ניט באַשעפטיקן מיט מסחר, — נו, פלעגן זיי אַריינפאַלן, אַט די יידישע קינדער, אָפּט אַרעסטירט ווערן, איז דאָ די סטאַטיסטיק ווידער גערעכט. אָבער דאָס לעבן איז אַנדערש. די קינדער־פאַרברעכער האָבן געפירט מסחר ניט כדי צו קענען מער נאשן, צי גיין אין אַ צירק, ניט פאַר זייער פאַרגעניגן, — נאָר אַרויסצוהעלפן זייערע עלטערן. ביי מיר איז קיין צווייפל ניט, אַז ווען מען קוקט אַריין אין בוך „ווער איז ווער" אין אַמעריקע, קאָן מען געפינען דאָרטן הערלעכע מענטשן, גרויסע גייסטער, מוסטער־מענטשן, מענטשן, וואָס מען קאָן זיך מיט זיי בענטשן, — אָבער זיי האָבן אַ „רעקאָרד", מחמת ווען זיי זענען געווען קינדער, האָבן זיי משמעות כדי צו שטילן זייער הונגער אין דעם הונגער פון זייערע ברעקעלעך־שוועסטער־ברידער, געמוזט אונטערהאַנדלען מיט בלייערס... געווען צווישן די דאָזיקע קינדער אויך אַזוינע, וואָס האָבן ניט געהאַט מיט וואָס צו האַנדלען, פלעגן זיי בעטלען, און דאָס איז געווען פאַררעכנט צו יענער צייט פאַר אַ גאָר גרויסן פאַרברעכן. זעט אָקאָרשט, צי וועט איר ניט געפינען צווישן די „ווער איז ווער" אַ סך נעכטיקע בעטלער", אָבער היינט גרויסע גבירים אין גייסט...

נו, זוכט מען די סיבות פון קינדער־פאַרברעכערישקייט היינט. מען ווייזט אָן אויף דעם קינאָ־טעאַטער, אויף דער טעלעוויזיע, אויף דער ראַדיאָ, אויף די קאָמיק־ביכלעך, אויף אַנדערע „צאַצקעדיקע" זשורנאַלן; מען ווייזט אויך אָן, ווי אויף דער הויפּט־סיבה, אויף די „צעבראָכענע" היימען. דאָ פרעג איך: וואָס זיינען די סיבות פון די „צעבראָכענע" היימען?

מען זאָגט אונדז, אַז דער מענטש איז אָפּטמאָל דאָס, וואָס ער עסט. אויב דאָס איז ריכטיק, איז דאָך דער מענטש דאָס, וואָס ער „עסט" מיט די אויגן, וואָס

ער זעט, וואָס ער לייענט, וואָס ער נעמט אין זיך אַריין גייסטיק און „פאַרדייט עס". אָבער אַ שטיק אמת ליגט אין דעם.

יעדער פאָטער און יעדע מוטער וואָלט געדאַרפט לייענען (לייענען? ניט לייענען, נאָר שטודירן), שעהן זיצן איבער דר. הערי אָווערסטריטס בוך „דע מאַטיור מיינד". ער ווייזט אָן (און איבערצייגט יעדערן, ווייל עס איז אמת), אַז ניטאָ גאָר קיין גוטע צי שלעכטע מענטשן, עס זיינען נאָר פאַראַן אַנטוויקלטע און ניט אַנט־וויקלטע מענטשן, „מאַטיורע" און נישט־מאַטיורע" מענטשן. די נישט אַנטוויקלטע, די „ניט־מאַטיורע" זיינען די, וואָס זיינען דערוואַקסענע, לויט די יאָרן, לויט זייער עלטער, אָבער קינדער זיינען זיי גייסטיק. זיי זיינען געבליבן שטיין, ווער ביי 7 יאָר אַלט, און ווער ביי 12 יאָר אַלט, כאָטש די יאָרן זיינען געגאַנגען ווייטער. דער דאָזיקער מענטש טראַכט, ווי אַ קינד; האַנדלט דאָ און דאָרטן, ווי אַ קינד; לעבט, ווי אַ קינד, מיטן קינדערשן שכל זיינעם. ער טוט שווערע אַרבעט, פירט געשעפטן, ער האָט זיך דאָך סוף כל סוף אויסגעלערנט אַ מלאכה, די קונסט צופירן אַ געשעפט, נישט אַלע מאָל אַזוי גוט, ווי מען וואָלט געדאַרפט, אָבער זיינע באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש, צווישן אים און זיינע קינדער איז ניט, ווי פון אַן אַנטוויקלטן מענטשן. ער איז אָפטמאָל ברוטאַל, וואולגאַר, ווילד, אַוואַנטוריסטיש; ער איז אַ ריזיקאַנט, טוט אָפּ מעשים, וואָס ערשט שפּעטער כאַפּט ער זיך, אַז עס איז שלעכט; ער לייזט פּראָבלעמען קינדיש, נאַריש; זאָרגט זיך ווייניק־וואָס, טראַכט ניט פון דעם מאָרגנדיקן טאָג, לעבט מיטן היינט און נאָר מיט זיך, מיט זיין גופישן אין אים: „כאָכאָטשעט", ער איז אַ „פּוסטאָסמעך", צעקייכט זיך אין אַ געלעכטער פון זאַכן, וואָס איר זעט גאָר ניט, וואָס איז דאָ צו לאַכן; שרעקט זיך פאַר קיין זאַך ניט; פילט ניט מיט, אים טוט ווייניק וואָס וויי; אים רירן ניט וועלט־און מענטש־פּראָבלעמען, — ער איז אַ קינד, כאָטש שוין אַ זיידע. אים האָט געפעלט דערציאונג. אַמאָל איז געווען אַ מאַמע אין דער היים, אַ באָבע, אַמאָל זיינען געווען אין שטוב אַ דוצנט קינדערלעך, געווען מיט וועמען זיך צו שפּילן, מיט וועמען צו רעדן, מיט וועמען זיך צו קריגן (דאָס איז אויך נייטיק), פון וועמען זיך צו לערנען. היינט אָבער לעבט מאָנאָטאָן דער בן יחיד, צי די בת יחידה אין שטוב, אָן טאַטע־מאַמע. און אַז עס ווערט אַ ביסעלע עלטער, עס דערזעט זאַכן, וואָס לאָקן, ציען, — גייט ער און נעמט, ווייל ווער און וואָס האָט אים געלערנט, וואָס שיין איז, וואָס גוט איז, וואָס ערלעך איז, מענטשלעך, עטיש? מען האָט עס נעבעך איבערגעלאָזן אַ „בהמהלע" בצורת מענטש.

אפשר ליגט גאָר דאָ די סיבה פון אַלע סיבות, אפשר ליגט טאַקע גאָר דאָ די סיבה פון פאַרברעכערישקייט צווישן קינדער און יוגנטלעכע, און אפילו „דער־וואַקסענע" נאָר אין יאָרן. קיין צווייפל, אַז דאָ שטעקט אַ גרויסער אמת. זעט איר דען ניט, ווי קינדיש עס ווערן אָפּט דורכגעפירט פאַרברעכנס? די היינטיקע „פאַר־ברעכער", האַלט איך, זיינען ניט קיין פאַרברעכער, נאָר „ניט־מאַטיורע" מענטשן, ניט אַנטוויקלטע. מיט דעם דערקלערט זיך אפשר, וואָס מען שיסט און מען מאָר־

דעוועט, מען גנבעט און מען פירט דורך איבערפאַלן אַזוי קאַלט, אומדערשראָקן, — אַזוי קינדיש... אפשר ליגט די סיבה פון אַלע סיבות, וואָס מען לערנט אַזוי ווייניק, און מען שפּילט צו פיל. מען דאַרף זיך שפּילן, אָבער מען שפּילט זיך דאָך אַזוי ווילד... אין קינדיש. איז עס ביי אַ בייסבאָל־שפּיל, צי ביים אַריינגנבענען זיך אין די קוואַרטירן פון מיידלעך־סטודענטקעס און כאַפּן זייער אונטערוועש און אַ גדולה... אַ גרויסער יום־טוב, אַ פרייד, גאַנצענע דעמאָנסטראַציעס פירט מען דורך...

האָט מען דאָ ניט לאַנג אויפגעהויבן אַ געשריי: „וואָס פאַראַ „אינקוויזי־ציע" גרייט מען דאָ פאַר אונדז עלטערן, מען וויל, מיר זאָלן זיין פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר פאַרברעכנס, דורכגעפירטע פון אונדזערע קינדער? משוגע?"

האָלט איך, אַז דאָס איז ניט קיין אינקוויזיציע, און עלטערן זיינען יאָ פאַר־אַנטוואָרטלעך. מיר געפינען שוין אין גמרא אַן אַנזאָג, אַז דער, וואָס איז ביכולת צו פאַרהיטן עמעצן (אפשיטא עמעצן פון זיין משפחה, זיין קינד.—מ. ב.) פון אַ זינד און טוט עס ניט, איז ער פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער זינד... אַזוי לאַנג די אַלגעמיינע שולן בלייבן שולן פון די „דריי ארס", פון „ריייטינג, רידינג און ריפּ־מעטיק", שולן אויסצולערנען (ניט אַלע מאָל לערנט מען אפילו דאָס אויס) שרייבן, לייענען און אַריפמעטיק, — וועט די שול אויך טראָגן איר פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די זינד פון אונדזערע קינדער, וואָס קיין פאַרברעכער זיינען זיי ניט, זיי זיי־נען ניט דערצויגן, ניט „מאַטיור".

דאָ קומט די טאָגשול פאַר אונדזערע קינדער, ווי דער גרעסטער גליק פאַר זיי און פאַר זייערע עלטערן. אפילו די נאָכמיטאָג־שול האָט אין די אַמאָליקע יאָרן צוגעטראָגן צום גליק פון קינד זייער אַ סך. אָט דעמאָלט, ווען די היים איז געווען היים, אָט דעמאָלט איז אויך די אַלגעמיינע שול געווען אָנגעמבאַר, ווייל צו יענער צייט פלעגן קינדער לייענען העריאָט ביטשער סטאָוס „דעם פעטער טאָמס הייזקע". דאָ פלעגט דאָס קינד זען הכנעה, וואָס פלעגט דעם קינד ווי טאָן, אַרויסרופן אין אים רחמנות־געפילן צו אונטערדריקטע, צו דערנידעריקטע; דאָ פלעגט דאָס קינד זען גוטמוטיקייט, געדולד, אמונה, קדושה אין לעבן פון די דאָזיקע אונטער־דריקטע, פאַרשקלאַפטע, אין לעבן פון די פשוטע, אָרעמע מענטשן; דאָ פלעגט עס זען, ווי יעדער ריר און גלעט פון שיינקייט, פון גוטסקייט רופט אין די דאָזיקע נעגראָ־מענטשן אַרויס טיפסטע פרייד און דאַנקבאַרקייט. אַ גו, דערלאַנגט אַ פרעג מענטשן, וואָס האָבן אין זייער קינדהייט געלייענט דאָס בוך, צי ענלעכע ביכער, זיי וועלן אייך דערציילן וויפל טרערן זיי האָבן פאַרגאָסן... און טרערן זיינען געזונט פאַרן קינד, בפרט אַזוינע טרערן. טרערן דערהייבן, טרערן לייטערן, טרערן — אָבער ניט די „לאַכערייקעס" און די „טשעפּוכאָס", ניט די פּוילע, פלאַכע וויצן וואָס מיט זיי „שטאָפּט" זיך נעבעך אָן דאָס קינד. איך זאָג „נעבעך", ווייל עס איז אַ ביטערער רחמנות אויפן קינד, אין זיין שפּעטערן לעבן, מחמת דעם איינפלוס, וואָס אָט די „צאַצקעדיקע קונסט" האָט אויף אים.

נו, און איז דען דער דאָזיקער גייסט ניט דער גייסט פון אַלץ, וואָס מען

טראָגט צו דעם עולם? איר באַגעגנט זעלטן אַ צייטשריפט, וואָס זאָל ניט האָבן אַ פולע צי ווינציקסטנס אַ האַלבע זייט מיט שפאַסן. קוקט זיך צו. ווי יידן, געבוירענע דאָ אין לאַנד, ווי זיי עפענען אַ צייטונג. די בעסערע אפילו ווארפן אַ בליק אויף דער ערשטער זייט, אָבער „גראָבן זיך איין" אין דער זייט פון ספאָרט, און וויצן, אין „קאָמיקס". איר וועט אויך זעלטן טרעפן אַ רעדנער, וואָס זאָל ניט אָנהייבן זיין רעדע צי זיין לעקציע מיט אַ שפאַס, מיט אַ וויץ, וואָס זאָל אָנהייבן זיין לעקציע אָן דער „קאָמעדיאַנסקע וואטע", ווי אונדזער בצלאל שערמאַן האָט עס אַמאָל אָנגערופן; דער עולם „צעכאַכאטשעט זיך", און די שטימונג איז דאָ. דערלאַנגט נאָך דעם אַ קוק, ווארפט אייער בליק אויף די פנימער פון די צוהערער, — איר וועט דערזען אָן אויסדרוק פון דערוואַרטן אויף נאָך אַ וויץ. מיינט איר, חלילה, אַז מען דאַרף אויף דעם לאַנג ווארטן? און קאָנט איר באַגעגענען דאָ ביי אונדז אַ צייטונג אָן אַ ראָמאַן, וואָס „קיצלט", וואָס רעגט, וואָס וועקט און טויכט געפילן, וואָס הלוואי שלאָפן זיי?... אַזוי איז עס, און קעגן דעם וואלט מען געדאַרפט אויפהייבן אַ מעכטיקן קאַמף, אָבער עס איז שא, שטיל.

איז טאַקע רחמנות אויף אונדזערע קינדער, וואָס אָטעמען אַזאַ לופט; איז טאַקע ניט קיין וואונדער, וואָס אונדזערע קינדער בלייבן גייסטיק ניט „מאַטיורע", ניט אַנטוויקלט, וואָס זיי ווערן עלטער און בלייבן קינדער, און קינדער איז גרינג צו פירן אויף „שטעכיקע" וועגן. געוווג, וואָס עס איז אַזוי ווייניק פאַראַן אין לעבן, וואָס זאָל דעם קינד ציען אויף אַרויף. „זופט זיך" דאָס קינד נאָך אָן מיט „ליטעראַטור", וואָס ציט אין דער נידער.

איך זע אַ טיף פעדאַגאָגישן וואונק אין אהרון הכוהנס אומגליק, וואָס זיינע זין זיינען געקומען מיט אַן אש זרה, מיט אַ פרעמד-פייער, זיינען זיי טאַקע פאַרברענט געוואָרן. ליטעראַטור איז ליכט, פייער, אָבער ניט קיין ליכט, וואָס ליכטיקט און ניט קיין פייער, וואָס וואַרעמט איז די ליטעראַטור, וואָס איר געפינט בהרחבה צעלייגט אין די אַפטייק-געשעפטן... זיי צעשרפהנען אונדזערע קינדער, צינדן אין זיי אָן דעם פרעמדן פייער, דעם אש זרה, וואָס פאַרצוקט זיי, און לאָזט זיך ניט צעלויכטן, צעוואַרעמען דעם אמתן פייער, וואָס איז אין זיי פאַרלייגט געוואָרן אין הימל נאָך... זע איך אַ קינד לעבן אַן אפטייק-געשעפט, זע איך אַ קינד „איינגעגראָבן" אין דער „צאַצקעדיקער ליטעראַטור"; זע איך אים אין אַפטייק-געשעפט, — וויינט מיין האַרץ אויף אים און אויף זיינע עלטערן...

אָט האָט דער ניו-יאָרקער פאָליציי-דירעקטאָר זיך געוועגדט צו דעם ניו-יאָרקער שטאָטראַט, צום גובערניע-סענאַט אָנצונעמען שטרענגע געזעצן קעגן די שעדלעכע און שענדלעכע ביכלעך און זשורנאַלן פאַר קינדער. אַ סך ביכלעך און זשורנאַלן אַזוינע גייען אַרויס אַנאָנים. ער האָט געפאָדערט, מען זאָל די, וואָס פאַרשפרייטן עס, און די, וואָס דרוקן עס, אויך די, וואָס שטעלן זיי צוזאַמען, — באַשטראָפן מיט תפיסה. מחמת וואָס פארא שטראָף איז עס, ווען מע פסקנט צו אַזאַ איינעם 500 דאָלער שטראָף, ווען ער האָט פאַרשפרייט מיליאָנען אַזוינע ביכלעך און זשורנאַלן?

ביז ניט גאָר לאַנג צוריק האָט מען געהאַלטן, אַז אַ פאַרברעכער איז אַ גזלן, אַ גנב; וואָלט מען זיי אונטערזוכט, וואָלט מען אויסגעפונען, אַז די סיבה פון זייערע פאַרברעכנס איז געווען הונגער, נויט, שיכרות, עס האָט זיך געוואָלט אַ לעב טאָן; די גרעסטע מערהייט פאַרברעכער פלעגן קומען פון די אָרעמסטע שיכטן. גאָר אַנדערש איז עס היינט. היינט קומען דאָס רוב פאַרברעכערישע קינדער ניט דווקא פון צעבראָכענע היימען, פון אָרעמען שיכט, נאָר זייער און זייער אָפט פון רייכע היימען, פון מער אָדער ווייניקער פיינע היימען. זיי זיינען חלילה ניט קיין קינדער פון פאַרברעכערישע היימען, געצייליטע זיינען נשמה־קראַנקע; די מערהייט האָט געזוכט שאַרפע און שטאַרקע איבערלעבונגען, רייצונג („טריל", ווי מען רופט עס דאָ.—מ. ב.), העכסטן גענוס, שפּאַס („פאָן", ווי מען רופט עס דאָ). נו, איז רעכט דערפאַר „פון דער הויט אַרויסצוקריכן", זיך צו לאָזן ווילד וואוילגיין, צו מאַטערן אַ מענטשן, אים ברענען מיט אַ פּאַפּיראָס, אים האַלטן געבונדן און שטעכן מיט נאָדלען, צוזאַמענקוועטשן סענסיטיווסטע טיילן פון קערפער, ממיתן, דערטרינקען, צוקוקן זיך ווי דער קרבן ליידט, קרעכצעט און גוססט, הויכט אויס זיין נשמה. דאָס טוען ניט קיין מערדער, קיין גזלנים, דאָס טוען „ניט־מאַטיורע" מענטשן און „פּוסטעפּאסניקעס"־קינדער, וואָס „בעסעווען" זיך פון וואוילטיק.

יעדער פאָטער און יעדע מוטער וואָלט געדאַרפט לייענען דזש. פיינס בוך „אַ מיליאָן פאַרברעכערישע קינדער". ד"ר דזש. פיין איז דער רעדאַקטאָר פון דער ליטעראַרישער און קולטור־אָפּטיילונג פון דער „ניו־יאָרק טיימס". ער האָט יאָרן געאַרבעט איבערן בוך. עלטערן וואָלטן זיך איבערצייגט, אַז „דאָס קאָן אויך זייערע קינדער טרעפן"; אַז די סכנה איז גרויס, אַז ניט־דערציאונג איז אויך אַ דערציאונג; אַז תוכיקע דערציאונג איז אַ טאָגשול איז דער גייסטיקער וויטאַמין, איז די מזוזה אין די הערצער פון זייערע קינדער, די מזוזה, די שיר המעלותן, וואָס קאָנען אויסהיטן זייערע קינדער פון די „רוחות און שדים", וואָס דער אַרום פּראָדוצירט און „שטופּט" אין די הערצער פון זייערע קינדער.

אויך וואָלט מען געדאַרפט לייענען ביי וואָלטער לאַקע, אַז „אַזוי גייט עס שוין ביי אונדז אין אַמעריקע". איידער די זון גייט אויף, און איידער דער טאָג איז אַריבער, קאָנט איר אָנציילן אומגעפער איבער 5 טויזנט גרויסע, גוואַלדיקע פאַרברעכנס, אַרום 34 מערדערייען, איבער 1000 גנבות, איבער 3000 געמאַכטע שרפות, אַרום 50 פאַרגוואַלדיקונקען איבער פרויען, אַרום 500 אויטאָמאָבילן ווערן געגנבעט. 15 פּראָצענט צווישן די דאָזיקע פאַרברעכער זיינען אין עלטער ביז 21 יאָר. אין 1951 האָט זיך די יוגנטלעכע „קוואָטאַ" פאַרגרעסערט אויף נאָענט צו 8 פּראָצענט, און זי האַלט זיך אין פאַרגרעסערן...

דער זעלביקער וואָלטער לאַקע ברענגט אונדז, אַז אין דער גאָר לעצטער צייט איז די פאַרברעכערישקייט צווישן קינדער אין ניו־יאָרק, אין עלטער אונטער 16 יאָר, געשטיגן אויף 32.5 פּראָצענט. און איר וואָלט געדאַרפט לייענען אין

מערץ־נומער 19957 פון דעם „אַסטעאָפּאַטיק העלט"־זשורנאַל, וועגן ווענערישע קראַנקהייטן צווישן קינדער אין יינגסטן עלטער... עלטערן שלאָפן ניט קיין נעכט. אפשר דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס 22 מיליאָן פילן ווערן איינגעשלונגען אַ נאַכט, וואָס אין 1956 האָט מען אַריינגענומען אין זיך עלף מיליאָן פונט, איר הערט, עלף מיליאָן פונט אַספּירין?...

פון דעם באַריכט פון דעם הויפּט פון דער פּאָליציי אין ניו־יאָרק דערוויסן מיר זיך, אַז אין די ערשטע 6 חדשים פון יאָר 1955 האָט מען אַרעסטירט פאַר פאַרברעכנס 3000 קינדער אין דעם עלטער פון אונטער 16 יאָר; אין די ערשטע 6 חדשים פון 1956 — שוין ניט דריי טויזנט, נאָר קנאַפּע 5 טויזנט... צווישן די פינף טויזנט זיינען אַרום דריי טויזנט באַגאַנגען זייער ערנסטע פאַרברעכנס. אָנגעגנבעט סחורות האָט יונגוואַרג, קינדער אונטער דעם 16 יאָריקן עלטער, אויף 25 מיליאָן דאָלער... איך דאַרף אייך ניט זאָגן, אַז די דאָזיקע פאַרברעכנס זיינען ניט באַגאַנגען הונגעריקע קינדער...

ווען איך זע אַ מוטער שטאַרק באַזאָרגט, וואָס איר קינד „אַרבעט זיך חלילה איבער, דערמאָן איך זיך, וואָס דער באַרימטער גלח און שרייבער טשאַרלס אַללען שרייבט, אַז ווען נאָך אַ קינד, נישט קיין פולע עלף יאָר אַלט, האָט ער זיך אָנגענומען צו רייניקן פאַר יעדן זונטיק דעם קלויסטער, וואו זיין פאָטער איז געווען גלח. ער פלעגט אויפשטיין זונטיק באַגינען, אַרום 3 אַזייגער פאַרטאָג, און זיך נעמען צו דער אַרבעט. אַרום זעקס אַזייגער פלעגט אַריינקומען די מוטער און שטרענג דורכפירן אַן אינספּעקציע, צי ער האָט גענוג פאַראַנטוואָרטלעך דורכגעפירט זיין אַרבעט. אַ לעבן אויף אַזוינע מאַמעס!!

ווען איך באַגעגן פאַרזאָרגטע עלטערן, וואָס זייערע קינדער, טענהן זיי, דאַרפן „נעבעך" פרי אויפשטיין, וואָס זייערע קינדער דאַרפן „נעבעך" זיצן ביז שפּעט אין אָוונט און טאָן זייער היים־אַרבעט, וואָס מען גיט זיי אַרויס אין דער אַלגעמיינער שול, וואָס דאַרפן „נעבעך" פון צייט צו צייט אַרויסהעלפן דעם פאָטער אין קראָם, — ווילט זיך מיר אויסשרייען הערט אויף, („קאַט איט אַאוט!" — ווי מען זאָגט עס אין ענגליש), הערט אויף מיט אייער „נעבעך", הערט אויף רחמנות צו האָבן אויף אייערע קינדער, זייט גליקלעך, וואָס זיי טוען עס. פרייט זיך, וואָס אייערע קינדער אַרבעטן שווער, וואָס זיי זיינען תמיד פאַרנומען, מחמת וואָס מער זיי אַרבעטן, וואָס מער זיי שפּילן זיך, וואָס מער זיי לייענען, וואָס מער זיי לערנען, — אַלץ געזינטער איז עס פאַר זיי. די קינדהייט איז די צייט, ווען קינדער דאַרפן אויפטויכן אין זיך הערלעכסטע געפילן, פּאָטענציעלע פעאיקייטן, באַציאונגען, פאַראַנטוואָרטלעכקייט, סיסטעמאַטישקייט, — וואָס מיינט איר. דאָס אַלץ פאַלט אַרונטער פון הימל?

פעשטשעט אָבער ניט אייערע קינדער! אַרויסווייזן ליבע — דאָס יאָ, און וואָס מער אַלץ בעסער, אַלץ געזינטער; אַרויסווייזן דרך ארץ צו דעם קינדס פּערזענלעכקייט, זיך רעכענען מיט זיינע געפילן, איינפלאַנצן אין אים, דורך אייערע

מעשים, עטישע געפילן, — דאָס יאָ. ניט אַרויפצווינגען, ניט „אַריינדרעסירן" עטיקעט, ווי אין אַ לאַשעקל, נאָר אויפטויכן אין קינד דורך אייערע מעשים (יאָ, נאָכאַמאָל, דורך אייערע מעשים דורך אייערע עטישע געפילן, דורך אייער באַציי־אונג צו וועלט און מענטש). פעשטשעט איר אָבער אייערע קינדער, טראָגט איר זיי צו דאָס „טעלערל פון הימל", זעט איר נאָר, זיי זאָלן זיך ניט אָנשטרענגען, פלאַנצט איר אין זיי פוילקייט, אַטראָפירט איר אין זיי די כוחות, וואָס זיי וועלן זיך אין זיי בייטיקן, ווי אין לעבן. אָנשטאָט תמיד צו זיין פול מיט ענערגיע, מיט אונטערנעמונגס־גייסט, צו בויען און שאַפן, — וועט עס תמיד האַלטן אין איין „גענעצן". די קינדער וועלן אייך שפּעטער „זייער דאַנקבאַר" זיין פאַר אייערע „בערישע טובות". איר ווייסט דאָך פון דעם געבאָט, פון פאַר אַ סך, אַ סך הונ־דערטער יאָרן צוריק, אַז טוב לגבר כי ישא עול מנעוריו, אַז גוט איז יענעם יונגב־מאַן, וואָס האָט געטראָגן אויף זיך זאָרג, וואָס האָט געאַרבעט, געהאָט פליכטן פון זיין קינדהייט אָן. וואָס מער דאָס חדר־יינגל, דער ישיבה־בחור האָט געמאַטערט זיין מוח, אַלץ גרינגער איז אַזאַ איינעם געווען דורכצומאַכן דעם קורס פון אַן אַמאָליקער גימנאַזיע (מיטלשול און צוויי יאָר קאָלעדזש), דורכצומאַכן אים אין געציילטע פאַר יאָר, יאָ, אין געציילטע פאַר יאָר. ווער פון אונדז געדענקט עס ניט? וואָס מער דער אָדער יענער בחורל פלעגט אַרויסהעלפן דעם פאָטער אין דער אַרבעט (דעם פאָטער, דעם שוסטער, דעם שניידער, דעם טישלער דעם פאַרבער), אַלץ גרינגער איז אַזאַ איינעם געווען אויפצובויען דאָ אין לאַנד גרעסטע פאַבריקן.

אַזוי, אַז ניט נאָר די קינאָ־טעאַטערס, די „צאַצקעדיקע" זשורנאַלן, די טע־לעוויזיע פּראָגראַמען; ניט נאָר די פּוסטע, אויסגעליידיקטע היימען, אַן טאַטע־מאַמעס אין שטוב; ניט נאָר דאָס, וואָס עלטערן זיינען אַזוי פאַרקאָכט אין עולם הזה, — נאָר אויך עלטערן, וואָס צעפּעשטשען זייערע קינדער, וואָס מען פּראַוועט די געבוירן־טעג פון די קינדער מיט אַזאַ פאַרנעם, בעת עס וואָלט געווען אַ סך דערציערישער צו פייערן די געבוירן־טעג פון די עלטערן, צוגעוואוינען קינדער צו געבן די עלטערן מתנות, ניט האָגלען אויף זיי, די קינדער, מיט אָן אַ צאָל מתנות (דאָס האָבן סוחרים, געשעפטסלייט געבראַכט צו דער ווילדקייט, ווייל עס איז גוט פאַר „ביזנעס"), וואָס מען לערנט ניט דאָס קינד צו האָבן פרייד פון געבן, ניט פון נעמען... יאָ, אויך עלטערן, וואָס צעפּיעשטשען זייערע קינדער, וואָס געוואוינען זיי צו זיך צו פוילן און וואָס צערייצן זייערע אַפּעטיטן צו געניסן וואָס מער פון עולם הזה, — אַזעלכע עלטערן טראָגן צו צו דער ניט־אַנטוויקלטקייט, צו דער „ניט־מאַטיורישקייט" פון אונדזערע קינדער, און ממילא צו פאַרברע־כערישקייט.

מיר מוזן האַמערן אין אונדזערע עלטערן, אַז חוץ די אַלגעמיינע „שדים און רוחות", וואָס אונדזער הייַנטיק לעבן שיקט אַרויף אויף אונדזערע קינדער, ליידן אונדזערע קינדער פון דער ספּעציפישער צרה, אַנטיסעמיטיזם, וואָס ברענגט און פלעגט מינדערווערטיקייט אין אונדזערע קינדער, אָט ווי דער פאַל איז מיט די

נעגראַ־קינדער. איך וואָלט אייך געעצהט „זיך אַרומדרייען״ אַרום אַן אַלגעמיינער שול, זיך צוקוקן, — איר וועט זען, אַז דאָס רוב יידישע קינדער טוליען זיך איינע צו די אַנדערע, מחמת דאָס רוב קריסטלעכע קינדער ווייכן פון זיי. אויב פאַראַן קריסטלעכע קינדער, וואָס מיידן ניט אויס קיין יידישע, דערשלאָגט מיך אָבער די הכנעה, וואָס איך לייען אַרויס פון די אויגן פון אונדזערע קינדער; און נאָך מער ווער איך דערשלאָגן, ווען אין „זע״ אין אויסדרוק פון פנים פון אַ קריסטלעך קינד, אַז אים קומט אַ מעדאַל, וואָס ער איז אַזוי מענטשלעך...

אַ סך קינדער האָבן אין שמועסן מיט מיר אַרויסגעבראַכט דאָס דאָזיקע. אַז מען רעדט מיט אַ קינד פון האַרץ צו האַרץ, און מען קומט אגב אורחדיק אַרויף אויף דער פּראָבלעם, קאָן מען אַ סך מער לערנען, ווי פון די רוטינע פאָרשונגען.

איך בין אַ קנאַפּער מאמין אין אַ סך פאָרשונגען, ווי אין סטאַטיסטיקעס... דאָס זעלביקע קינד האָט מיר אין אַן אָפיציעלער פאָרשונג, אין אַ געוויסער אינס־טיטוציע, געגעבן קעגנגעזעצטע ענטפערס, ווייל קינדער בייטן זייערע געפילן און באַציאונגען יעדע ווײַלע אין טאָג. מען דערציילט פון אונדזערן אַ שרייבער, וואָס וועגן אים זאָגט מען, אַז ווען מען פאַררופט זיך אויף זיינער אַ מיינונג, פרעגט מען, ווען האָט ער עס געזאָגט; און אויב נעכטן, איז ווען — אינדערפרי צי פאַר־נאַכט; און אויב פאַרנאַכט, וויפל אַזייגער איז עס געווען; און ווען אַזוי, וואָס האָט ער געזאָגט 10 מינוטן שפּעטער; און ווי גיך האָט ער פאַרגעסן, וואָס ער האָט געזאָגט... קינדער זיינען נאָך ערגער...

אויב איר פרעגט:

איז וואָס זשע איז דער אויסוועג פאַר יידישע קינדער, וואָס חוץ די אַלגע־מיינע שדים און רוחות, וואָס דאָס אַרומיקע לעבן שיקט אויף זיי, ליידן זיי נאָך פון ספּעציפישע צרות, וואָס שטערן זיי זיך צו ציען אין דער הויך, צו זון, צו הימל, וואָס דאָס איז זייער נאַטור?״

איז מיין ענטפער צו אייך:

דער אויסוועג איז צו באַהויכן דאָס קינד מיט אַ סך יידישן וויסן; געבן דעם קינד אַ „לאָמטערנע״ אין האַנט צו ליכטיקן זיך און זיין נאָענטסטע סביבה, עס זאָל ניט אַריינפאַלן אין קיין „גריבער״; געבן אַ מזוזה אין האַרצן, זיך אויס־צוהיטן פון די „שדים און רוחות״ פון דעם אַרום, ער זאָל קאָנען ,ווי י. ל. פּרץ לערנט אונדז סימבאָליש אין זיין „לאָמפּן־מוסר״, צו ברענען (לעבן, הייסט עס), תמיד אין דער הויך, ווי אויפן מזבח, און פאַראייניקן זיך מיטן ליכט, וואָס לויכט אייביק. איר ווייסט דאָך פון יענעם בוימייסטער, וואָס האָט אַרויפגענומען זיין קינד אויף אַ דאַך פון אַ 20־שטאָקיקער געביידע, וואָס ער האָט אויפגעבויט; ווען ער האָט דערזען ווי זיין קינד קוקט אין איין שרעק אויף אַראָפּ, האָט ער געזאָגט צום קינד, עס זאָל קוקן אויף אַרויף, וועט אים קיין זאַך ניט שרעקן. אויסלערנען דאָס קינד קוקן אויף אַרויף, — דאָס קאָן שוין ניט מער די נאָכמיטאָג־שולן; דאָס קאָן היינט, ביי געענדערטע אומשטענדן אין לעבן, נאָר די טאָגשול.

איז טאָקע אונדזער חוב צו „האמערן״ אין אונדזערע עלטערן, אָט ווי פראַ־

פעסאָר יצחק חן (איזידאָר טשיין) לערנט, צו פאַרהיטן קינדער פון מינדערווער־טיקייט־קאָמפּלעקס; אַז „אויב אַ פאָטער צי אַ מוטער, אויב עלטערן ווילן געבן זייערע קינדער אַ יידישע דערציאונג איז פון פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט געזינטער פאַרן קינד אַ טאָגשול, וואו די יידישע לימודים גייען צוזאַמען מיט די אַלגעמיינע לימודים, איידער צו לאָזן אים גיין אינדערפרי צו זיין אַן אַמעריקאַנער, און נאָכ־מיטאָג צו זיין אַ. ייד. פון זיין יידישקייט בלייבט גאָרנישט, און דורך דער צייט פון זיין לערנען גייט ביי אים אָן אַ קאָנפליקט צווישן צוויי קולטורן... די אַמערי־קאַנער קולטור מוז זיגן, ווייל זי איז שטאַרקער אין לעבן פון קינד". און ווייטער זאָגט ער, אַז „די יידישע טאָגשול (אין דעם פאַל די ישיבה־קטנה, וואוהין איך שיק מיין קינד) נעמט גאָרנישט צו ביים קינד פון זיין אַמעריקאַנישקייט, נאָר זי פאַר־שטאַרקט זיין יידישקייט".

טענהן אייניקע עלטערן, אַז צופיל יידישקייט טויג ניט, מען לעבט אין אַמעריקע, דאָ איז דאָס לעבן קאָמפּליצירטער, דאָ איז דער קאַמף פאַר עקזיסטענץ שווערער. די דאָזיקע עלטערן מאַכן דאָ אַ גוואַלדיקן טעות, זיי ווילן ניט זען די צרה ערגעץ־וואו אַנדערש, אַט דאָרטן, וואו זי איז טאַקע פאַראַן, דעם קוואַל אירן. דער קאַמף פאַר עקזיסטענץ איז דאָ שווערער, ווייל מען פאַררייסט זיך צו הויך אין דער דאָזיקער „עקזיסטענץ". מען איז ניט צופרידן מיט פאַרדינען צום לעבן, מען זוכט נאָר אַ רייכערן, און נאָך מער רייכערן לעבן, און אויך דאָס איז ניט גענוג; עס איז ניט גענוג, ווען מען האָט די טייערסטע קליידער, בריליאַנטן אויף די פינגער, רייך־אויסמעבלירטע הייזער; מען האָט האָוועט, מען לויפט, מען רוט ניט, מען ברעכט אונטער ס'געזונט, מען וויל נאָר „מאַכן געלט", „שעפּן גאָלד", און... וויפל מען האָט, איז אַלץ ווייניק. דאָ קומט ווידעראַמאָל די יידישע תוכיקע דער־ציאונג, וואָס לערנט דאָס קינד, אַז גליק ליגט אין אַן אַנדערע ספערע. העלפט צו דעם צו די היים, איז גוט און וואויל דעם קינד אין זיין שפּעטערן לעבן, וואָס מער יידישקייט, וואָס מער גייסט, אַלץ נעענטער צו הימל, אַלץ ווייטער פון דעם ערדישן, דעם עולם־הזהדיקן, וואָס צערט נאָר אויס ס'געזונט. קירצט די יאָרן ווי דער פּרק לערנט אונדז, אַז תאווה און קנאה „שלעפּן", אין לאַנגן צי קורצן גאַנג, דעם מענטשן אַרויס פון דער וועלט. מיר דאַרפן ווייזן אונדזערע קינדער אַ שענערע וועלט, אַ גייסטיקערע וועלט, אַ העכער לעבן, הייסט עס, הימל, און ווען נאָר באַקרעפּטיקט פון דער היים, — וועלן זיך אונדזערע קידער אויסקלייבן אַזאַ לעבן.

איר האָט דאָך זיכער געהערט פון יענעם, וואָס האָט איין מאָל געפינען אַ פינפערל און פון דעמאָלט אָן האָט ער געהאַלטן אין איין זוכן נאָך פינפערלעך — אַ גליק האָט אים געטראָפן... גיכער אַן אומגליק. ער האָט פון דעמאָלט אָן נאָר געקוקט אויף דער ערד, אויף אַראָפּ, קיין מאָל ניט צום הימל, צום קוואַל פון אמתן גליק אין לעבן. צו פיל יידישקייט, צופיל הימל? דער מענטש, טייערינקע, איז אומבאַגרענעצט אין זיין פאַלן, אָבער אומענדלעך אין זיין שטייגן!

איר האָט אויך זיכער געהערט פון דעם פויגל מיט די וואונדערבאַרע פליגל,

וואָס אַלע אַנדערע פויגל פלעגן אים מקנא זיין דעם מאַיעסטעטישן פליען זיינעם אין די העכסטע הימלען. האָט ער אָבער איין מאָל פאַרזוכט אַ ווערעמל, געשמאַק, אַ מחיה... ער האָט אָבער פאַר יעדן ווערעמל געמוזט צאָלן מיט פעדערן פון זיינע פליגל. וואָס מער ווערעמלעך, אַלץ מער פעדערן האָט ער געדאַרפט אַרויסרייסן פון זיינע פליגל, און... ער קאָן זיך שוין מער ניט אויפהייבן אַזוי הויך, ער פליט שוין ניט אַזוי מאַיעסטעטיש, ביז ער הייבט זיך שוין קוים אויף פון דער ערד...

אייביק וועט דער שפּיל פון „פויגל מיט די ווערעמלעך" ניט אַנגיין אין לעבן. מען וועט קומען צו דעם, ווי גאָלאָמב לערנט אונדז, אַז ניטאָ אַזאַ זאַך ווי צו פיל יידישקייט, צופיל גייסט; אַז אָנשטרענגונג, אַז גייסט שאַפט כאַראַקטער, און כאַראַקטער איז דער בעסטער קעגנגיפט קעגן אַלץ, וואָס ציט דעם קינד אין דער נידער, כאַראַקטער איז דער בעסטער שומר. און טאַקע, אַ מענטש מעג וועלן זינדיקן, ער דאַרף אָבער ניט קענען. ניט קענען קומט פון כאַראַקטער, און כאַראַקטער שאַפט זיך פון דער „מאַטעריע", וואָס קומט פון הימל, ניט פון דער ערד. א. גאָלאָמב לערנט אונדז, אַז „אין יידישע היימען, (ניט סתם היימען, וואו יידן וואוינען, עסן, שלאָפן און שפּילן אין קאַרטן.—מ. ב.) אין יידישע היימען, מיט יידישן שטייגער, מיטן יידישן יום־טוב, מיט אָפּגעהיטע פאַרבאָטן, אַז דאָס און דאָס טוט מען ניט, ווייל מען טאָר ניט, ווייל מיר זיינען יידן (טאַקע יידן אין גייסט, מחמת אַ ייד, וואָס געהערט צו אַ בית מדרש, פּרעפּלט תּפילות, גיט פאַר אַ יידישן צוועק, — איז נאָך ניט קיין ייד, וואָס קאָן וועקן שעפערישקייט אין קינד; אַזוי איז אויך מיט אַ וועלטלעכן יידן, מיט אַ סאָציאַליסט אאַ״וו.—מ. ב.), אַז אין אַזוינע היימען וואַקסן אויס קינדער, וואָס זיינען מער באַוואָרנט פון צרות".

וואָס מער גשמיות, וואָס מער חומר, וואָס מער עולם הזה, וואָס מער באַקוועמלעכקייטן אין לעבן, — אַלץ מער ווערט דער מענטש צערייצט צו נאָך מער נאָך מער גשמיות, חומר, נאָך מער עולם הזה... און ניט דאָס ברענגט דעם מענטשן גליק אין לעבן, פאַרקערט, ער ווערט אויסגעצערט און טויט־מיד. דער וועג, וואָס פירט דעם מענטשן צו אינערלעכער רו, צו מנוחת הנפש, צו טיפער פרייד און גליק אין לעבן, — איז דער וועג צו הימל, צו גייסט. ניטאָ וואָס צו שרעקן זיך פאַר צו פיל יידישקייט, ווען עס וואָלט אפילו געווען אַזאַ זאַך, ווי צופיל גייסט, צופיל יידישקייט. שרעקן דאַרפן מיר זיך פאַר צו ווייניק יידישקייט, פאַר צו ווייניק גייסט.

ד) צווישן די מענטשן, וואָס איך האָב אין מיין לעבן פאַרהייליקט, און וואָס האָבן אויף מיר געהאַט די טיפסטע השפעה, איז אין דער ערשטער ריי געווען דער גאון הדור, דער קדוש הלל צייטלין. האָט וועגן אים אַמאָל געשריבן זיינער אַ תלמיד (שוין איין מאָל אַ תלמיד!), דער באַרימטער רעוואָלוציאָנער, דערנאָך גרינדער און פירער פון פלמ״ח, דער העלד פון די נגב־קאַמפן, יצחק שדה, ע״ה, אַז דער מעטאָד פון לערנען מיט קינדער איז ביי הלל צייטלינען, ווען ער איז געווען אַ לערער, געווען אַזאַ: בעתן לערנען אַ קאַפּיטל תנך פלעגט ער דערציילן די אגדות, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו דעם קאַפּיטל. ער, יצחק שדה, און די אַנדערע תלמידים פלעגן זיך פילן, ווי אין גן־עדן מחמת דער טיפקייט

פון תנך. דעם צויבער פלעגן זיי ערשט דאַן דערפילן, ווען הלל צייטלין פלעגט מיט הארץ און מיט אַ טיפן זיסן שמייכל אויפן פנים אַזש פאַרגיין זיך אין דער־ציילן די אַדער יענע אגדה. זאָגט דען דאָס אונדז ניט, אַז וואָס מער וויסן דער לערער פאַרמאָגט, וואָס מער הארץ, וואָס מער ליבע צו ייִדישקייט, וואָס מער פרייד אין לערנען מיט געציילטע קינדער, — אַלץ מער גן־עדן שאַפט אַזאַ לערער? ווייל דער לערער מיט געציילטע קינדער קאָן ווערן דער קינסטלער, וואָס שוועבנ־דיק אַליין אין די הימלען, ציט ער מיט זיך מיט די תלמידים. וויטער האָט יצחק שדה דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז, ווען ער איז עלטער געוואָרן, פלעגט זיין רבי, הלל צייטלין, מיט אים פירן שמועסן איבער פילאָזאָפישע פראַגן, ספּעציעל איבער אמונה, אַז עס איז אין ערגעץ ניטאָ קיין סוף, קיין דערגרייכונג. עס קומט אין לעבן פאַר אַ כסדרדיקע שטרעבונגג צו דערקענטעניש, צו פולקאָמענ־הייט, צו שלימות, צו אמת; אַז וויכטיק איז דער וועג, דאָס גייען, דאָס זוכן, דאָס פאָרשן, דאָס דענקען; אַז דער ענטפער, דער ציל איז שטענדיק וויייט־ווייט, נישט דערגרייכבאַר, צו הויך פאַר אונדז, אָבער דאָך איז דער ציל איינגעשלאָסן אין אונדז, מחמת די עצם שטרעבונג צו וויסן, דער גייסטיקער דאָרשט צו געפינען לייזונג דערהייבט און דערנענטערט דעם מענטשן צום „אין סוף".

ברייטע און טיפע ייִדישע דערציאונג, די דערציאונג, וואָס האָט פאַר איר ציל ניט דעם הימל, נאָר די הימלען, איז אַ ברכה פאַרן קינד. וואָס מער מאָגנעט צו די הימלען, אַלץ מער זין און חן און פרייד אין לעבן. א־נו, דערמאָנט זיך אַן דעם גליקלעכן, וואָס האָט געפונען דאָס פינפעדל און פאַרלאָרן דעם הימל, און אַן דעם פויגל, וואָס האָט פאַרלאָרן די פעאיקייט צו פליען אין די העכסטע הימלען, מחמת זיין ליידנשאַפט צו די ווערעמלעך, צו גשמיות, צו חומר. נאָר גייסט שמידט כאַראַקטער, און גייסטיקע מענטשן מיט כאַראַקטערן זיינען אויך טיפע־רע ייִדן און ממילא בעסערע אַמעריקאַנער, און גליקלעכער אין לעבן. מחת נאָר גייסט פירט צו זין און חן און גליק אין לעבן. אַזוי איז אַלע מאָל געווען, און אַזוי וועט אייביק זיין. אין דער ריכטונג האָט דער אייבערשטער אַוועקגעלאָזן זיין וועלטל אין גאַנג.

מיר מאַכן איצט דורך שווערע צייטן, מחמת מיר האָבן זיך פאַרריסן אין עולם־הזה־לעבן. מיר זיינען געגליכן צו יענעם אומגליקלעכן פויגל, וועגן וועלכן איר האָט געלייענט פריער. ווער פון אונדז איז ניט באַזאָרגט וועגן אונדזערע קינדער? ווער פון אונדז האָט ניט אין זינען צוצוגרייטן אונדזערע קינדער, זיי זאָלן קענען דורכמאַכן געוויסער, שטורעם? מחמת מיר לעבן אין אַזאַ ניט־סטאַ־בילער צייט, וואָס יעדע רגע אין לעבן איז צו דערוואַרטן שווערע נסיונות, שווערן ביטערן קאַמף פאַר עקזיסטענץ.

י. עפּרויקין ברענגט אונדז אַ דערקלערונג פון דעם באַוואוסטן אַמעריקאַנער פּסיכיאַטער, וואָס שטעלט פעסט אויפן סמך פון סטאַטיסטישער פאָרשונג, דורכ־געפירט דורך דער ניו־יאָרקער שטאַט־פאַרוואַלטונג צווישן 15 טויזנט אַרבעטלאָזע, אַז די גלויביקע (די גייסטיקערע, הייסט עס.—מ. ב.) האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר

העכערע, פולערע פערזענלעכקייטן, ווי די נישט־גלויביקע. פון דער אַנדער זייט, ווייזט ער אַן אויפן וואוקס פון מענטאַלע שלאַפקייטן גראַד אין אונדזערע צייטן, מיטן פּראָגרעס פון וויסן און מאַטעריעלן וואוילשטאַנד. ברענגענדיק אַ גאַנצע ריי פאַקטן, זאָגט ווייטער י. עפּרויקין (ליידער ע״ה איצט) אַז ער וואָלט געקאָנט „אויסרעכענען אַ גאַנצן מנין קאַרפּן־קעפּ פון דער וויסנשאַפט און פון דער פילאָ־זאָפיע, וואָס ניט בלויז זיינען זיי קיין העלדן ניט געווען, נאָר זיי זיינען אפילו געווען ווייט פון פשוטער ערלעכקייט און מיטלמעסיקער מאָראַלישער ריינקייט".

אַ סברא, אַז וויסן, אַז ציוויליזאַציע איז ווייניק, דער מענטש זאָל קאָנען זיך דערהייבן אויף יעקבס לייטער צום הימל...

וואָס פאַראַ השפעה אָבער גייסט האָט אויפן מענטשן, ברענגט אונדז דער באַוואוסטער קולטור־טוער, למדן און בונדיסט משה מאַנדעלמאַן. אין זיין בריי־ליאַנטענער בראָשור „קדושה וגבורה, גלויבן און בטחון". שרייבט ער: „דער נאַצישער שונא האָט אין די מערב־אייראָפּעאישע לענדער, באַלד ביי די ערשטע קלעפּ, וואָס ער האָט דערלאַנגט, געטראָפן דערשלאָגענע, נכנעדיקע יידן, ניט באַוואָפנטע אינערלעך מיט מאָראַלישן ווידערשטאַנד. יידן אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך האָבן ניט געוואַגט זיך אַנטקעגנשטעלן, האָבן שטילשווייגנדיק איבער־געטראָגן די נירענבערגער געזעצן, די טאָגטעגלעכע שיקאַנעס, פּייניקונגען און בזיונות. ווייל אין די מערב־אייראָפּעאישע לענדער האָבן יידן שוין לאַנג אויפגע־הערט אַנצוהאַלטן אַ נאַציאָנאַל־יידישן פיר. די באַוואוסטזיניקע און אומבאַוואוסט־זיניקע צופּאַסונג־אַסימילאַציע האָט אָפּגעטייט, געמאַכט נאַציאָנאַל אימפּאָטענט די דאָזיקע יידישע קיבוצים". ווי אַנדערש זיינען געווען די יידן פון מזרח־אייראָפּע, וואו יידישע תוכיקע דערציאונג איז די יידן אין די שטעט און שטעטלעך אין פוילן, אין ליטע, אין אוקראַינע, אין גאַליציע, אין לאַטוויע — געגאַנגען אין לעבן. שרייבט ער טאַקע ווייטער: „דאָס טאָגטעגלעכע לעבן איז אָפּט געווען אַ ביטערער געראַנגל פאַר עקזיסטענץ, עס איז אָבער כסדר געשטאַרקט און גענערט געוואָרן מיט העכערע מאָראַליש־עטישע עיקרים און דאָגמעס. רבנים, רביים און מגידים האָבן טאָג־אויס, טאָג־איין געצונדן האָפענונג אין די אָרעמע מאַסן, געשפּייזט זיי מיט דברי אלהים חיים, מיט הייליקע רייד פון גרויסע יידישע לערערס, העל־דישע טאַטן פון יידן מקדשי השם, מיט שאַרפזיניקע המצאות, ווערטלעך און הל־צות. דאָס אַלץ האָט פאַרלייכטערט און אינערלעך געשטאַרקט, רייכער געמאַכט די נשמה פון דעם אויסערלעך אָרעמען יידן. אויף דעם דאָזיקן זאַפטיקן יידישן באָדן זיינען אויפגעקומען די היינטצייטיקע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונ־גען"... „אויך די נייע מאָדערנע מאָדערנע יידישע וועלטלעכע קולטור האָט זיך פּרעכטיק צעבליט און מיט שענסטע פאַרבן באַשיינט דאָס יידישע לעבן". און ווייטער: „אונטער די שמאַטעס און טראַנטעס, וואָס האָבן באַדעקט די אויסגעמאַ־רעטע, אויסגעדאַרטע, קרענקלעכע יידישע גופים, האָבן אַרויסגעלויכטן הויכע, געלייטערטע נשמות, וואָס האָבן געצויגן קראַפט און יניקה פון נישט־ערדישע ספערעס".

שרייבט מאיר מוהר (ישראל), אַז „אויסגעווייקט אין בלוט און געשיצט אין גאַטס שאָטן, געקוילערט זיך אינעם שטויב פון שפלות און דערהויבן ביז די הימלען מיט זיין מענטשלעכן שטאָלץ" איז געווען דער ייד. „אדרבא זאָל קומען נאָך אַ פאָלק אויף דער ערד און אונדז נאָכמאַכן... צו לעבן טויזנטער יאָרן צווישן עקדעשן און אָפּהיטן דעם צלם אלקים אין זיין גאַנצער ריינקייט און לויטערקייט"... „וואָס פאַרא גאַלערייע פון פּערזענלעכקייטן, בלויז אין די לעצטע 200 יאָר! וואו איז נאָך אַ פאָלק, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַזאַ מאַסע פון גרויסע אין מעשים און ריינע אין געדאַנק אויף אַלע לעבנס-שטחים!"

געקומען איז עס פון דער תוכיקער יידישער דערציאונג און פון דעם שיינעם גייסטרייכן יידישן לעבנס-נוסח אין די היימען.

אין מינעסאָטער אוניווערזיטעט האָבן צוויי פּראָפעסאָרן דורכגעפירט אַן עקספּערימענט צו זען, וואָס פאַרא ווירקונג הונגער האָט אויפן געמיט-צושטאַנד, אויפן מצב-הרוח פון מענטשן. 32 סטודענטן האָבן זיך אונטערגענומען צו לעבן 6 חדשים צייט אין האַלב-הונגער. מען האָט זיי 6 חדשים צייט געהאַלטן איזאָלירט, און געגעבן נאָר אַזוי פיל שפּייז, קוים אויפצוהאַלטן די נשמה. די סטודענטן זיינען פון טאָג געוואָרן אַלץ מער און מער צערייצט און בייז; זיי פלעגן זיך איבער קלייניקייטן ווארפן שלאָגן איינע די אַנדערע, זיי זיינען געוואָרן אָפּגעלאָזן, פאַרלאָרן יעדן אינטערעס צו קולטור, ניט געוואָלט הערן קיין לעקציע, ניט געוואָלט גיין צו אַ טאַנץ אאַ"וו. אַז איך האָב עס געלייענט, האָב איך געטראַכט, אַז די נאַצישע בעסטיעס האָבן משמעות אויסגעחשבונט, אַז די יידן אין די געטאָס וועלן פון הונגער ווערן אַזוי ווילדע, אַז זיי וועלן זיך אָנהויבן צו בייסן און רייסן, זיך צו ממיתן איינע די אַנדערע; אַז זיי, די נאַצישע מערדער, וועלן נאָר שטיין פון וויטן, פלאַצן פאַר געלעכטער, ווי די יידעלעך וועלן פאַרטיליקן איינע די אַנדערע... ערשט וואָס? די רוצחים האָבן דעם נחת ניט דערלעבט. זיי האָבן גאָר דעריזען, אַז יידן עפענען שולן פאַר קינדער, עפענען ישיבות, פירן דורך לעקציעס, אָרגאַנזירן קאָנצערטן, אָרגאַניזירן כאָרן, זיצן איבער ספרים און לערנען תורה, שאַפן ווערק, — און שפּעטער האָבן די נאַצים גאָר געזומען באַגעגענען אויפשטאַנדן, און ועל כולם דער וואַרשעווער געטאָ-אויפשטאַנד, וואָס האָט אויפגעשטורעמט די וועלט.

דאָס איז געקומען פון תוכיקער יידישער דערציאונג; דער כוח איז געקומען פון „צו פיל יידישקייט", וואָס אייניקע שרעקן זיך פאַר דעם. די דאָזיקע תוכיקע דערציאונג, דאָס גייסטיקע לעבן אַרום האָבן אָנגעגאָסן די הערצער מיט מוט און גלויבן, מיט גייסטיקער גבורה, וואָס דאָס איז געזונט אין טאָג-טעגלעכן לעבן, אַפּשיטאַ, ווען עס דונערט און עס בליצט, ווען עס האגלט, ווען עס גיסט אַ שלאַקסרעגן, בעת אַן אוראַגאַן, ווען מען זוכט אַריינצוכאַפּן זיך אין אַ גייסטיקן האַפן. טענץ און קאָרטן, מיאַמי און בערמיודאַ, בייסבאָל און בכלל שפּיל — זיינען צייטווייליקע האַפנס. קומט מען אַהיים, באַגעגנט אייך שוין אויף די טרעפּ די זעלביקע אומרואיקייט, דער זעלביקער גיהנום, פון וועלכן איר זייט אַנטלאָפן, בעת גייסטיקע האַפנס ברענגען אמתן מנוחת הנפש אין די שווערסטע מאָמענטן

אין לעבן. אָרום או װאָרום זעט מען מענטשן, געשװאָלענע פון הונגער, פאַלן מענטשן טויט אין די גאַסן, גייען אויף די הענט פון מאַמעס אויס קינדער, רייסן זיך מאַמעס די האָר פון קאָפּ, — און גלייכצייטיק הערט איר רעפּעטירן אַ כאָר, שפּילט מען טעאַטער, לערנט מען תּורה, איז מען פול מיט בטחון, אַז מאָרגן, מאָרגן... און מעג מען ניט דערלעבן דעם מאָרגן, דער לעצטער „היינט" אָבער לאָזט ניט פאַרלירן די האָפענונג, פאַרביטערט ניט, לאָזט ניט דעגענערירן, מען װערט באַלויכטן מיט ליכט אין דער שוידערלעכסטער פינצטערניש.

כדי דאָס לעבן פון אונדזערע קינדער זאָל זיין מיט מער זין און חן, אונ־דזערע קינדער זאָלן דערפילן די פרייד און דאָס גליק אין לעבן, װאָס קומט פון הימל, און האָבן אין זיך צוגעגרייט אַ גייסטיקן האָפן אויף צייטן שלא תבוא, — דאַרף מען זיי געבן תוכיקע יידישע דערציאונג, װאָס דאָס קאָן נאָר אַ טאָג־שול געבן.

יידישע דערציאונג טאָר זיך ניט באַנוגענען מיטן אויסלערנען אַ קינד רעדן, לייענען און שרייבן יידיש (װען מען זאָל עס אפילו קאָנען דערגרייכן אין אַ נאָכ־מיטאָג־שול); טאָר זיך ניט באַנוגענען מיט ראשי פּרקים פון יידישער געשיכטע, טאָר זיך ניט באַנוגענען מיט סוראָגאַט־פייערונגען אין שול פון ימים־טובים. יידישע דערציאונג איז נאָר דעמאָלט אַ יידישע דערציאונג, װען זי װערט ניט געגעבן, נאָר אויפגעכאַפּט, אַריינגעלעבט דורך דעם לעבן אין דער טאָגשול און דורך דעם לעבן אין די היימען.

ניטאָ װאָס אין כעס צו זיין אויף עלטערן, װאָס נעמען צו זייערע קינדער פון די שולן צו פרי, װאָס לאָזן זיי נאָר איבער אין שול אויף אַ פּאָר יאָר, װאָס זיינען אַזוי קאַלט צו יידישער דערציאונג. עלטערן, װען זיי זעען, אַז דאָס קינד לערנט זיך אַזוי שרעקלעך װייניק אויס (און איז דען אַ װאונדער? — דער בעס־טער רייטער קאָן ניט „דערדרייטן" אויף אַ „הינקענדיקן פערדל"), עלטערן, אַז זיי דערזעען, אַז דאָס קינד טוט סיי װי סיי קיין פּעולה ניט אין שול, — איז צו װאָס זאָל מען מאַטערן דאָס קינד, אים אָפּרייסן פון שפּיל, פון דעם קינדס פאַר־געניגנס, צו װאָס? און אַז דער אָדער יענער פאָטער, אַן אַנטוישטער, שיקט שוין יאָ זיין קינד אין שול, און אַז דער אָדער יענער פאָטער האַלט, אַז „שאַטן קאָן עס ניט", — איז װאָס פאַראַ גליק איז עס פאַרן קינד און פאַר דער שול? אַ גדולה!

אַנדערש איז, װען עלטערן דערזעען יאָ פּעולה. די פּעולה קאָן װאָרעם מאַכן די קעלטסטע עלטערן, און מיר זעען עס זייער אָפט מיט עלטערן פון די טאָגשולן. בעת מיר, לערער פון די נאָכמיטאָג־שולן, פרייען זיך, אַז מען קומט צו אַ לערערס אַ באַריכט, צו אַ קינדער־קאָנצערט (מען קומט? — מען קומט „פּטרן" אַן אָוונט... דאָ פּאַסט ניט, דאָ האָבן זיידע־באָבע זיך איינגעבעטן, דאָ קאָן מען ניט מצער זיין דעם לערער, — דאָך אַ פיינער מענטש, אַ רחמנות...), בעת מיר, לערער פון די נאָכמיטאָג־שולן, הייסט עס, פרייען זיך, אַז מען קומט צו אַ שול־באַריכט, צו אַ קינדער־קאָנצערט, אַז עס געפינען זיך שוין יאָ עלטערן, װאָס ברענגען דעם קרבן,

— איז דער ענין ניט קיין פּראָבלעם פאַר די לערער פון די טאָגשולן, מען קומט. א־נו, כאַפּט זיך אַריין אין אַ נאָכמיטאָג־שול צו אַ לערער־באַריכט. איר וועט דאָרטן טרעפן די גאַנצע שול־פּאַרוואַלטונג (אַ ברירה האָבן זיי, וואָס? אויב ניט זיי, איז ווער?); איר טרעפט דאָרטן זיידעס און באָבעס (אויך זיי לאָזן זיך צו „ספּענדן אַן איוונינג", מחמת אין דער היים איז דאָך גאָר לאַנגווייליק צו זיצן); איר טרעפט דאָרטן „גליקלעכע" מאַמעס (ניט קיין סך, אָבער דאָך), וואָס זיי איז געלונגען איבערצורעדן די מענער, מען זאָל עס טאָן פאַרן קינד, „פאַר דע סייק אָוו דע טשיילד", ווי אַ מאַמע האָט אין מיין געגנוואַרט זיך געווענדט צו איר מאַן; און איר טרעפט דאָרטן „אַ ביסל" טאַטעס, וואָס זיצן אַנגעכמורעט, ווייל מען הייבט ניט אָן אין צייט, אָדער וואָס עס דויערט צו לאַנג... איר ווילט מיר זאָגן, אַז איך האָב דאָ צו שוואַרץ געמאָלן? אַז פאַראַן אויך אַנדערע מאַמעס און טאַטעס, זיידעס און באָבעס? זיכער פאַראַן, אָבער וויפל? און... זייט אַזוי גוט, כאַפּט אַ שמועס מיט לערער; מיר, יידישע לערער, וואָס קאָנען יעדע היים, שיער ניט ווי די אייגענע היים, וואָס מיט יעדער מוטער (פאָטערס זיינען קודם כל פאַרנומענע מענטשן, און, והשנית, איז עס גאָר ניט קיין וויץ, וואָס מען דערציילט פון אַ פאָטער, וואָס האָט זיין פרוי אַ זאָג געטאָן, זי זאָל וויגן איר טייל קינד, און זאָל זיין טייל שרייען... טאַטעס זיינען גרינגערע פּאַסאַזשירן, ניט אַלע, אָבער די גרויסע מערהייט), מיר, יידישע לערער, הייסט עס קאָנען יעדע היים, און מאַמעס, אַ לעבן אויף זיי, פּאַרטרויען זיך די לערער, רעדן זיך פּאַר זיי אַראָפּ פון האַרצן; מיר, לערער, ווייסן, און לכן מאָל איך ניט שוואַרץ, נאָר רעאַל. אָ, מיר, יידישע לערער! האָט מיר אַמאָל אַ לערער אַ זאָג געטאָן (הלוואי האָב איך שכל אַזוי קלוג אַ זאָג צו טאָן), אַז ער האָט ניט קיין מורא פאַרן גיהנום, ער איז זיין גאַנצן לעבן זיינער אַ „שכן", און אויב מען וועט אים הייסן זיך מטריח צו זיין אויף יענער וועלט, אין גיהנום אַריין, וועלן הונדערטער מאַמעס זיך אַוועקשטעלן ניט לאָזן זייער לערער שטראָפן, מחמת ער איז שוין גענוג געשטראָפט געוואָרן ביים לעבן, — כאָטש ער האָט ניט קיין חרטה!

יאָ, ווי אַנדערש איז אין די טאָגשולן. איך האָב לעצטנס גענומען באַזוכן אונטערנעמונגען דורכגעפירט פון די טאָגשולן, און לערער האָבן אויגן... אָט בין איך דאָ ניט לאַנג צוריק געווען ביי אַ חנוכה־קאָנצערט, און שפּעטער ביי אַ פּורים־אונטערנעמונג. די קאָאָפּעראַציע פון די קינדער, זייער פרייד, זייער ווילן אויסנעמען ביים עולם האָט געוויזן, אַז ביי זיי איז עס אַ גרויסער יום־טוב. אַ קלייניקייט, וואָס? עס איז דאָך זייער שול און דער עולם? דער עולם האָט מיט ציטער פון פרייד אויפגענומען יעדן אַרויסטריט. הלוואי קאָן מען פאַרן יידישן עולם גלייכצייטיק ברענגען דעם חנוכה־קאָנצערט, דורכגעפירט פון טאָגשול־קינדער און דעם פּסח־קאָנצערט, דורכגעפירט אין איינער פון די גרעסטע שטעט, דאָ אין לאַנד, פון אַ נאָכמיטאָג־שול, ריכטיקער — פון אַ ריי שולן אין יענער שטאָט, וואָס איך האָב פריער באַשריבן, — וואו דער עולם האָט זיך בעת דעם קאָנצערט געלאָזן וואוילגיין מיט גאָם, זון־קערנעלעך, וואו מען איז ניט איינגעזעסן אויף אַן אָרט,

וואו מען האָט געהאַלטן אין איין דורכשמועסן זיך; די קינדער האָבן געזונגען, אויפגעפירט אַ שפּיל, דעקלאַמירט, אָבער עס האָט געפעלט די פרייד, דער ענ־טוזיאַזם, אפילו פון די קינדער (וועגן עולם איז אָפּגערעדט). דאָס איז מכוח קינדער־אונטערנעמונגען.

וואָס שייך עלטערן־פאַרזאַמלונגען — איז אויך דער גייסט, די באַציאונג ניט צו פאַרגלייכן. עס קומען אַלע עלטערן. איך האָב בייגעוואוינט אַזוינע פאַר־זאַמלונגען, די לערער האָבן מיר פאַרזיכערט, אַז געקומען זיינען אַלע עלטערן, אי פאָטערס, אי מוטערס,ביידע עלטערן פון יעדן קינד. ניט געקומען זיינען נאָר געציילטע, וואָס מען ווייס, אַז זיי זיינען קראַנק. און עס איז קיין וואונדער ניט, די שול איז דאָך זייער שול, די שול איז דאָך אַזוי ליב זייערע קינדער. און די שטי־מונג ביי די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען איז אַ געהויבענע, אַ פריידיקע.

אָט ווי ניסן גאָרדאָן באַשרייבט אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" די שטימונג פון די גליקלעכע מוטערס און פאָטערס ביים צוזאַמענפּאָר פון די לערער־עלטערן־פאַראיינען פון די ישיבות קטנות, אָפּגעהאַלטן אין ניו־יאָרק: „דער צוזאַמענפּאָר האָט געשפּרודלט מיט פרייד, אַז אפילו דאָס פּעסימיסטישע האַרץ האָט געמוזט אויפלייכטן און צוגעבן, אַז עפּעס גרויס קומט פאָר אין היגן יידישן לעבן, אַז די אַלע רייד וועגן אַ רעוואָלוציע אין יידישע היימען זיינען ניט קיין גוזמא; נאָר אַ קאָנקרעטעווירקלעכקייט, וועמענס חותם איז אויסגעגאָסן אויף טויזנטער אַמע־ריקאַנער יידישער היימען". רעדט טאָקע מיט לערער, און זיי וועלן אייך דערציילן פון „איבערקערענישן", וואָס קומען פאָר אין אַ סך היימען פון קינדער, וואָס לערנען זיך אין די טאָגשולן.

דער באַוואוסטער וועטעראַן פון דעם יידישן שול־וועזן איבער אונדזער גאַנ־צן יידיש־לאַנד, דער פּעדאַגאָג ש. ח. קאַזדאַן, דערציילט אונדז אין זיין קאַפּי־טאַלנע ווערק „די געשיכטע פון יידישן שול־וועזן אין פּוילן", אַז „די קינדער פון מעדעם־סאַנאַטאָריע, ווען זיי פלעגן אַהיים קומען, פלעגן זיי אויסאיבן אַ גרויסע השפּעה אויף זייערע עלטערן". ווייטער שרייבט ש. ח. קאַזדאַן, אַז „זיי (די קינדער) פלעגן אַריינטראָגן אין דער אָרעמער קעלער־שטוב פון די עלטערן נייע רגילותן פון היגיענע, קולטור, עסטעטיק, שפּראַך, באַנעמונג מיט מענטשן. אָפטמאָל האָט אַן ענערגיש קינד אַדורכגעפירט אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין שטוב. די עלטערן זיינען געוואַקסן קולטורעל צוזאַמען מיט די קינדער"... „אויב דאָס קינד איז געווען פון אינטעליגענטערע אָדער רייכערע אַסימילירטע עלטערן, האָט דאָס דאָזיקע קינד מיטגעבראַכט מיט זיך פון סאַנאַטאָריע אַ נייע באַציאונג צו יידיש, צום יידי־שן געדרוקטן וואָרט, צו אַ יידישן ליד, צום פאָלקסמענטש און צו יידישער וועלט־לעכער שול"... „אַזוי איז אויך געווען מיט קינדער פון די גאַנצע שולן" (ווי זיי פלעגן רופן זייערע טאָגשולן.—מ. ב.). דאָס רוב קינדער פון די ציש"אָ־שולן פלעגן קומען פון היימען, וואָס מען האָט שוין דאַרטן קיין רעוואָלוציעס ניט גע־דאַרפט דורכפירן, דערציילן לערער, אַריבערגעקומענע אַהער; אויב אָבער יאָ, זיינען די עס קינדער געווען די רעוואָלוציאָנערן. און עס איז קיין וואונדער ניט.

אין דער טאָגשול לערנט זיך דאָס קינד (לערנט זיך, און לערנט זיך עפּעס אויס...), שפּילט זיך דאָס קינד, די טאָגשול שטערט דעם קינד ניט אין זיין לעבן, אין זיינע פריידן, עס איז תמיד פריי, ווען זיין „קינדערוועלט" איז פריי. עלטערן ווערן אָנגעצונדן פון דער פרייד פון די קינדער. אויב קינדער קאָנען באַווירקן עלטערן אין ספּאָרט און אין אַנדערע אַמעריקאַנער ענינים, פאַרוואָס ניט אין גייסט, וואָס הערשט אין דער טאָגשול, וואָס איז ליב דעם קינד, ווייל עס איז זיין שול?

ווער פון אונדז קאָן אָן טרערן לייענען ביי אונדזער קאַזדאַנען אין זיין „פון חדר און שקאָלעס ביז ציש"אָ", אָן טרערן פון באַגייסטערונג (און בלוטיקן ווייטיק, וואָס דאָס איז שוין... געווען), אַז די עלטערן האָט „געצויגן צו דער שול, סטיכיש. זיי האָבן געפילט, אַז עס איז זייער שול. זיי וואָלטן ניט געקענט דער־קלערן, פאַרוואָס קלעפּן זיי אַזוי צו דער שול. זיי האָבן מיט זייער אינסטינקט אַרויס־געפילט, אַז אָט די שול איז אַ וויכטיקער יידישער קנין (און הערט זיך גוט צו!—מ. ב.), זיי האָבן געזען בחוש, וויפל פרייד און גליק די שול פאַרשאַפט זייערע קינדער, און זיי האָבן „געלערנט" צוזאַמען מיט די קינדער, זיי זיינען געוואַקסן גייסטיק און צוזאַמען מיט די קינדער „פאַרענדיקט" די שול".

הלוואי קאָן איך זיך מאריך זיין, הלוואי קאָן איך אייך דאָ ציטירן מער פון קאַזדאַנס בוך, — איר מוזט אים אַליין לייענען, איר וועט רייכער ווערן, מו־טיקער ווערן, איר וועט זיך דערמאָנען אָן דער צייט פון אונדזער בראשית פון דעם שול־וועזן דאָ אין לאַנד... אָבער דאָס לעבן איז היינט אַנדערש, היינט קאָן אונדז נאָר די טאָגשול צוריקברענגען צו אונדזער גלאָריע פון אַמאָל.

איך געדענק, ווי היינט וואָלט עס געווען, איך האָלט אַ פאָרטראָג איבער „פּאָליטיק און מאָראַל". דאָ ברענג איך אויך אַרויס דעם געדאַנק, אַז יעדער דור, יעדע תקופה מוז האָבן אַ נחשון, וואָס זאָל האָבן מוט זיך צו וואַרפן אין ים קעגן כוואַליעס, קעגן אַ מעכטיקן שטראָם, ניט מורא האָבן צו בלייבן אַליין, אַזוי גערעכט זיך פילן, אַזוי זיכער צו זיין אין זיך. איינער פון מיינע צוהערער האָט צווישן פאַרשיידענע נחשונס אָנגערופן נחום כאַנינען. איר געדענקט, וויפל מענטשן זיינען אַריבער צו די לינקע, איר געדענקט, וואָס פאַרא מענטשן דאָס זיינען גע־ווען, איר געדענקט זייער פּאָזיציע אין יידישן לעבן, — האָט ער געטענהט. גאָר אַליין איז ער ניט געווען, אָבער דער ראש פון די, וואָס האָבן זיך געוואָרפן שפּאַל־טן דעם ים, איז ער געווען. קאָן מען דען פאַרגלייכן י. ל. פרצן צו ישעיהון, אָבער מיר האָלטן פרצן פאַר אַ נביא אין זיין דור (א־נו, לייענט דורך זיין „האָפענונג און שרעק"! און נאָר דאָ זעט איר נביאות?). קאָן מען פאַרגלייכן משה רבינו צו אַ צווייטן משהן, צו רבי משה בן מימון, צום רמבם? קאָנט איר פאַרגלייכן דעם גאון אברהם יצחק הכהן קוק זצ"ל צום ווילנער גאון זצ"ל? אַזוי אַז איך האָב אָנ־גענומען דעם געדאַנק פון מיין צוהערער, וואָס האָט ניט אַזוי זיכער אין זיך, מיט שרעק, אַרומקוקנדיק זיך, אָנגערופן כאַנינען, אַז ער איז אַ מאָדערנער נחשון. אַז איך דערמאָן זיך אין דעם עפּיזאָד, טראַכט איך: מיר האָבן אַ סך פּאָטענציעלע

נחשונס אין אונדזער צייט, — דאָס זיינען די (וואָס איך קען), וואָס פאַרנעמען אַזוינע פּאָזיציעס אין לעבן, אַז אויף זיי ליגט דער חוב אַרויסצוקומען און ווערן נחשונס. איך האָב דאָ אין זינען אָט טאַקע נחום כאַנינען, זלמן יעפּרויקין, ח. ש. קאַזדאַן, יודל מאַרק, יעקב לעווין, לייבוש לעהרער, די ת. בערנשטיינס, י. לאַזאַרסאָנס, די הגליליס (איך דערמאָן דאָ ניט די, וואָס שטייען ביי די טאָגשולן), און די ה. לייוויקס, חיים גראַדעס, יעקב גלאַטשטיינס, אפרים אויערבאַך, ד״ר מוקדוני, י. י. שוואַרץ, יעקב לעשטשינסקי, בצלאל שערמאַן, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, א. לעיעלעס גלאַנץ, — איך וויל, איך גיי אויס, אונדזערע קינדער זאָלן לייענען זייערע שריפטן. אַ סך פון די דערמאָנטע טוען זייער חוב, שרייבן פון צייט צו צייט, אָבער מען דאַרף אַרויס געאייניקט און צוזאַמען מיט אַ קול קורא, מען דאַרף אויפטרייסלען, אויפשטורעמען אונדזערע יידן.

שרייבט יוסף ברומבערג אין „קולטור און דערציאונג״ (אַרויסגעגעבן פון דעם בילדונגס־קאָמיטעט ביים אַרבעטער־רינג, רעדאַגירט פון זלמן יעפּרויקין און נחום כאַנין), אַז „אַרגענטינע געהערט היינט צו טאָג צו די געציילטע לענדער, וואו יידיש לשון איז אַ לעבעדיקער פאַקטאָר אינעם לעבן פון ישוב. איר הערט די שפּראַך אין גאַס, אין די היימען, אין טויזנטער יידישע היימען, אויף דער גרויסער צאָל פאַרזאַמלונגען, לעקציעס, זיצונגען פון צענדליקער געזעלשאַפטלעכע און קולטור־אָרגאַניזאַציעס, און אוודאי אין די ווענט פון די שולן, אין וועלכע עס לערנען זיך 25 טויזנט יידישע קינדער״. איך מוז עס אייך זאָגן, דער אויסדרוק „אין די ווענט פון די שולן״ האָט מיר דערלאַנגט אַ קלאַפּ אין האַרצן... איך בין אויך זיכער, אַז אַזוי וועט אויך זיין מיט אַ סך לייענער. מען וועט זיך דערמאָנען, אַז ווי לאַנג צוריק איז עס געווען, ווען „אין די ווענט פון די שולן״ האָט מען אויך ביי אונדז געהערט נאָר דאָס יידישע לשון, גערעדט פריי, אידיאָמאַטיש, זאַפטיק דורך אונדזערע קינדער אין די נאָכמיטאָג־שולן... ווייטער שרייבט דער זעלביקער יוסף ברומבערג, אַז „עס איז פאַרשטענדלעך, אַז פון דער יידישער שול, אין וועלכע עס ווערן געלערנט יידישע לימודים 5 מאָל אין וואָך, צו דריי און אַ האַלבע שעה אַ טאָג (טאָגשולן), גייען אַרויס קינדער (הערט זיך איין!—מ.ב.) מיט אַ גרויסן באַגאַזש וויסן״. די שולן האָט מען אָנגעהויבן גרינדן ערשט אין די צוואַנציקער יאָרן, אָבער דער וואוקס איז אַ פענאָמענאַלער. „די שלום עליכם־שול האָט אין 1942 געציילט 635 קינדער, אין 1952 ציילט זי דריי מאָל אַזוי פיל קינדער. די י. ל. פּרץ־שול האָט אין 1947 געציילט 450 קינדער, אין 1952 איבער 700 קינדער. די תל אביב־שול האָט אין 1939 געציילט 18 קינדער — איצט אָבער האָט די דאָזיקע געזעלשאַפט 7 שולן מיט 1200 קינדער״. ער דערציילט אונדז נאָך און נאָך וואונדער, ער דערציילט פון דעם לערער־סעמינאַר, וואָס האָט אין 1943 געציילט 117 תלידים און תלמידות, און אין 1953 שוין 600...

איר האָט אויך פריער געלייענט פון דער באַציאונג פון דער קהילה צו יידישער דערציאונג, וואָס פאַרא גוואַלדיק גרויסע סובסידיעס די קהילה טיילט אויס די שולן, וויפל זי טראָגט צו צו שול־געביידעס; אפילו פון די פאַרשיידענע

קאַמפּאַניעס לטובת ישראל ווערט אַרונטערגענומען אַ געוויסער פּראָצענט לטובֿת דער שול, מחמת דאָ דערציט מען פּאָטענציעלע ביישטייערער, און קומענדיקע גע־זלעשאַפטלעכע און קולטור־בויער און שאַפער. ביי אונדז אָבער...

איך שרייב דאָ ניט וועגן די שולן אין מעקסיקע. וועגן זיי ווייס יעדערער ביי אונדז. געגנוג צו זאָגן, אַז אונדזער א. גאָלאָמב האָט אויף איין שול געלייגט זיין חתימה, און אין דער צווייטער פילט זיך זיין השפעה. דאָס איז גענוג משיג צו זיין זייער איינפלוס און זייער פאַרנעם. איך בין טיף איבערצייגט, אַז די פעולות, וואָס אונדזערע טאָגשול־קינדער טוען, וועלן אויפוועקן די קהילה־טוער ערנסטער זיך צו באַציען צום שול־וועזן דאָ ביי אונדז אין לאַנד.

,איר האָט זיכער געהערט פון דעם רבֿ, וואָס האָט זיך געלאָזט איינרעדן פון זיין זון, אַ לערער פון אַ נאָכמיטאָג־שול, ער זאָל באַזוכן זיין וועלטלעכע שול. דער רבֿ האָט נאָכן באַזוך געזאָגט זיין זון: „מיט דער „סחורה", מיין קינד, וועסט איר ווייט ניט אַוועקפאָרן. איך פאַרשטיי, אַז די עלטערן מוזן ניט זיין צו גליקלעך מיט דעם, וואָס די קינדער ברענגען פון שול; און אָן זיי וועט דער „וואָגן" זיך ניט רירן פון אָרט, מחמת „די קליאַטשע" איז נעבעך אָן אויסגעדאַרטע... מיט אַ היים, מיט עלטערן, מיט באַגייסטערטע קינדער — קאָן אפילו אַ „בעזעם" אויסלערנען אַ קינד צו זיין אַ ייד און הנאה האָבן פון דעם. איר וועט זיך אַרויסשלאָגן פון די כוחות; איר וועט אויסמאַטערן די קינדער; מיט גוואַלד וועט איר אין זיי ניט „אַריינ־שטאָפּן" קיין תורה. דו גרויסט זיך, וואָס אין אייערע שולן לערנען זיך מער קינדער, ווי אין דער טאָגשול, וואָס פאַרמאָגט קוים 5 קלאַסן. פון אייערע 400 קינדער וועט ווערן 300 און 100 און אַזוי ווייטער, בעת פון יענע 5 קלאַסן וועלן מיט דער צייט ווערן... ווייל זיי גיבן סחורה, שיינט טאַקע דאָרטן די שכינה"...

דאָס איז געזאָגט געוואָרן מיט 15 יאָר צוריק. איך האָב זיך צום שמועס אַליין צוגעהערט.

מען דערציילט פון אַ פּסיכאָלאָג, וואָס האָט, צוליב אַ געוויסן עקספּערימענט, אָנגעשטעלט אַ מענטשן, ער זאָל האַקן האָלץ מיט דער שטומפּיקער זייט פון האַק. דער האָלץ־האַקער האָט אָפּגעהאַקט אַ טאָג, צוויי, דריי, און... איז געקומען זאָגן דעם פּסיכאָלאָג, אַז אויס, ער האַקט ניט מער: „אַז איך האַק, דאַרפן פאַלן שפּענער, איך דאַרף זען רעזולטאַטן, אַנדערש וועל איך פון דער מאָנאָטאָנקייט פון זינען אַראָפּ". ער האָט זיך פאַר קיין שום געלט ניט געלאָזן איינבעטן ווייטער צו האַקן. איך דאַרף אייך אויך ניט דערמאָנען, מיט וואָס פאַרא פאַרגעניגן, מיט וואָס פאַרא פרייד אַ שניידער פלעגט אַמאָל „אַרומשפרינגען" אַרום אַ באַשטעלער, ווען ער פלעגט אים אָנמעסטן דעם גאַרניטער. דאָ אַ ציי, דאָ אַ גלעט, דאָ אַ שמיר מיט קרייד... אָבער היינט, אַז מען איז נאָר אַ „האַנט", וואָס נייט נאָר קנעפּלעך? ער נייט און נייט, „הימל און ערד און קנעפּלעך"; די קנעפּלעך שפּרינגען פאַר זיינע אויגן, רייצן זיך מיט אים; ער קאָן זיי שוין ניט אָנזען, עס קריכט אים פון האַלדז; די קנעפּלעך נערווירן אים, מחמת ער זעט ניט קיין פאַרטיקן פּראָדוקט, ער זעט ניט קיין רעזולטאַטן, — ער איז אַן אויטאָמאַט, אַ מאַשין, ציי אַ שרייפעלע

צו אַ מאַשין... די דאָזיקע מאַנאָטאָנקייט, דאָס פאַרוואַנדלען דעם מענטשן אין אַן אויטאָמאַט איז די סיבה פון אַ סך פונקציאָנעלע קראַנקהייטן, וואָס בייגן און ברעכן מענטשן. דאָס איז איינע פון די סיבות, וואָס אין אונדזער לאַנד פון שפע האָבן מיר איבער אַנדערטהאַלבן מיליאָן גייסטיק קראַנקע, און מען שאַצט אָפּ, אַז זיבן און האַלב מיליאָן וואָלטן געדאַרפט ליגן אין אַ שפּיטאָל. קאָנט איר זיך משער זיין דעם געמיט־צושטאַנד פון אַ סך יידישע לערער, וואָס זעען קיין פעולה ניט; דעם געמיט־צושטאַנד פון די לערער, מאַרטירער, וואָס דער איבערשטער האָט זיי באַשאָנקען מיט שטאַרקערע נערוון, וואָס זיי קאָנען נאָך ליידן און שווייגן, וואָס וואַרטן אויף אַ נס, וואָס האַלטן זיך נאָך מיט די לעצטע כוחות ביי די נאָכמיטאָג־שולן, וואָס וואָלטן יאָ וועלן אויסשרייען זייער ווייטיק, יאָ אַרויסלאָזן אַ קרעכץ, די יידישע וועלט זאָל טאָן אַ ציטער, — זיי האָבן אָבער מורא, מחמת זיי ווייסן, אַז עס איז אָנגעוואַקסן אַ סך „ווילדפלייש" אין די נשמות פון אונדזערע עלטערן. די דאָזיקע לערער, אידעאַליסטן שבאידעאַליסטן, וואָס די הײַנטיקע שול־טויער שאַצן ליידער ניט אָפּ זייער „דאַליע", זייער ביטערן גורל, מאַכן אָבער אַ טעות, — זיי שאַצן ניט אָפּ דעם כוח פון דערוואַכטע הערצער פון עלטערן, פון „פליגל", וואָס קאָנען זיך פונאַנדערוואַקסן אין הערצער פון עלטערן, ווען מען ווייזט זיי דעם תהום, ביי וועלכן זיי שטייען.

מען דערציילט, אַז דער איבערשטער זאָל האָבן באַדאַרפט אַמאָל שיקן ערגעץ וואו אַ שווער פעקל. דער לייב האָט זיך אָפּגעזאָגט צו גיין אין שליחות, ווייל דאָס איז נידעריקער פאַר זיין ווירדע — איז ער דאָך סוף כל סוף אַ קעניג ביי די חיות אין וואַלד; דאָס העזעלע האָט געטענהט, אַז דאָס פעקל איז צו שווער פאַר אים; דער שעפּס האָט געהאַלטן, אַז ער דאַרף עס ניט טאָן, ער טוט גענוג גוטס, ער גיט וואָל, ער פאַרהיט עלטערע מענטשן פון קעלט אין די ביינער; דער הונט און דאָס קעצעלע האָבן מורא געהאַט צו פאַרבלאָנדזשען: אמת, זיי טרעפן תמיד דעם וועג, אָבער דער וועג איז אַ צו לאַנגער, זיי האָבן מורא איינצושטעלן, — קורץ, יעדע באַשעפעניש האָט געהאַט אַ תירוץ. ניט אָפּגעזאָגט זיך פון שליחות האָט נאָר דאָס פייגעלע. און... וואונדער איבער וואונדער, די משא איז טאַקע געווען צו שווער פאַרן פייגעלע, אָבער וואָס שווערער די משא איז געוואָרן אויפן לאַנגן וועג, אַלץ שטאַרקער האָבן זיך גענומען צעוואַקסן די פליגעלעך... און...

אַ סברא, אַז מען וויל נאָר, אַז מען טוט עפּעס מיט האַרץ, צעוואַקסן זיך „פליגל", און גרינג ווערט דורכצופירן די שווערסטע שליחותן. און אויפוועקן האַרץ אין עלטערן איז ניט שווער, מען דאַרף נאָר ווייזן עלטערן די סכנה.

און ניט נאָר צו די עלטערן דאַרף מען קומען מיטן גרויליקן אמת פון דעם מצב פון יידישער דערציאונג, נאָר אויך צו אונדזער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. מען דאַרף ווייזן, אַז יידישע דערציאונג איז פונקט אַזוי וויכטיק, ווי אַלע אַנדערע יידישע אינסטיטוציעס, אויב ניט נאָך וויכטיקער. גענוג צוצוּוואַרפן שטיקלעך און ברעקלעך פון רייכן טיש! אויב אין אַרגענטינע קאָן די קהילה צוטראָגן 50% פון דעם, וואָס עס קאָסט אויפצובויען אַ שול־געביידע פאַר קינדער, און 25%

פון דעם שול־ביודזשעט, אויב יעדע קהילה אין אַרגענטינע קאָן אַזוי פיל צו־טראָגן לטובת יידישער דערציאונג, — דאַרפֿן מיר צוטראָגן אַ סך מער, קודם דערפאַר, וואָס מיר האָבן זיך צו טיף פאַרבלאָנדזשעט אין „דזשאָנגל" פון לעבן, מיר דאַרפֿן אָנווענדן אַ סך מער כוחות אַרויפצואַרבעטן זיך צוריק אויפן דרך הישר, און אויך מחמת דעם וואָס מיר זיינען ניט אין אַן ערך רייכער.

טענהן אייניקע: ווי באַוועגט מען אָט די עלטערן און די געזעלשאַפטלעכע טוער, ווי פירט מען זיי צו צו מעשים? דער ענטפער איז: במקום שאין אנשים השתדל להיות איש. זיי דו דער ערשטער, דער מענטש, זיי דו דער בעל תוקע, דער ל"ו־ניק. אין אַ בראשית דאַרף מען ניט האָבן קיין מאַסן, ניט איין מאָל האָבן ווייניקע אָנגעהויבן און... מען האָט שפּעטער בערג געררירט. די שולן אין מעקסיקע, אין אַרגענטינע, די ציש"אָ־שולן, די תרבות, די יבנה־שולן האָבן ניט מאַסן אָנ־געהויבן, — די מאַסן זיינען שפּעטער געקומען. מיר, דאָ אין אַמעריקע, האָבן שוין אָנגעהויבן צו בויען טאָגשולן, מען דאַרף נאָר צעוויגן דעם שוואונג.

עס איז שוין דאָ וואָס צו ווייזן. עס זיינען שוין פאַראַן 214 טאָגשולן אין 73 שטעט. דאָס האָט נאָר אונדזער סעקטאָר, דער וועלטלעכער, וואָס אויף אַ סך געביטן פון אונדזער יידישן לעבן איז ער תמיד געגאַנגען אין דער פאָדערשטער ריי, דאָס האָט נאָר אונדזער סעקטאָר 3 טאָגשולן איבערן לאַנד. דאָס איז נאָר אונדזער סעקטאָר אָפּגעשטאַנען אפילו פון קאַנאַדע, מעקסיקע, אַרגענטינע, וואו עס וואַקסט די צאָל און דער פאַרנעם פון אונדזערע יידישע וועלטלעכע טאָגשולן.

לאָמיר זיך ניט שרעקן, וואָס הערצער ביי עלטערן און געזעלשאַפטלעכע טוער זיינען נאָך פאַרשלאָסן פאַר יידישער דערציאונג. איר ווייסט דאָך, וואָס דער קאָצקער האָט געענטפערט, ווען מען האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס עס שטייט ושמתם את דברי אלה על לבבכם ועל נפשכם, פאַרוואָס הייסט דער אייבערשטער זיינע רייד „אַרויסלייגן" אויפן האַרצן, על לבבכם, ניט בלבבכם, ניט אין האַרצן. דער קאָצקער האָט אויף דעם געענטפערט, אַז ניט אַלע מאָל זיינען הערצער אָפן, אויפצונעמען עפּעס גרויס, — לייגט עס אויפן האַרצן, זאָל עס זיין גרייט אַריינ־צוקומען אין האַרצן, ווען ס'האַרץ וועט זיך עפענען. לאָמיר האַלטן אין איין צו־טראָגן אונדזער צער, אונדזער ווייטיק, אונדזער שרעק, די סכנה, דעם תהום, לאָמיר ניט אויפהערן צו „לייגן" אויף זייערע הערצער די פּראָבלעם פון יידישער דערציאונג.

אָט האָט דער בני ברית דורכגעפירט אַן אַנקעטע צווישן אירע יוגנטלעכע מיטגלידער. די אַנקעטע האָט אַרויסגעבראַכט, אַז מער פאַר אַלץ איז מען פאַר־אינטערעסירט אין ספּאָרט, אין „הוליאַנקעס" (פאַרדיס), אין טענץ. וואָלט דאָס נאָך אַזוי שלעכט ניט געווען, ווען דער אינטערעס אין יידישע ענינים איז ניט קיין מהיכא־תיתידיקער, פאַרנעמט ניט דאָס לעצטע אָרט אין זייערע אינטערעסן.

לאָמיר אָבער ניט וואַרפן קיין שולד אויף דער יוגנט, לאָמיר ניט טאַדלען די רעזולטאַטן, די סימפּטאָמען פון דער קראַנקהייט, נאָר די סיבות.

אַז איך לייען וועגן דעם פאַרנעם פון די ליובאַוויטשער אויפן געביט פון

חינוך, פרייט מיר מיין הארץ. איך וואלט וועלן זען ביי אונדז, וועלטלעכע יידן, דעם ענטוזיאזם, דעם אידעאליזם, דעם מסירת נפש, דעם מוט צו גיין קעגן שטראם, — ווי גיך מיר וואלטן זיי אנגעיאגט, ווי גיך מיר וואלטן געקומען צו זייער פארנעם. און... לינטשט מיך, אויב איך פארדין עס: ווען איך האב א קינד און וואוין אין ניו־יארק, וואלט איך מיין קינד צו זיי געשיקט. איך וואלט אהין געשיקט נאר צוליב דעם ענטוזיאזם, נאר צוליב דעם ערנסט פון די לערער, צוליב זייער בטחון. איך האב ניט קיין מורא פאר טלית און תפילין, איך האב ניט קיין מורא פארן ארבע כנפות, ווי ראדיקאל איך זאל זיין (און איך בין עס ניט), מחמת זאלן זיך ד'ערמאנענען אט די, וואס שרעקן זיך פאר דעם: ווי לאנג צוריק איז עס, ווען זיי האבן געלייגט תפילין? איך וויל זיי פארזיכערן, אז דאס גאלד אין זיי איז פון דעם עכטער און שענער געווארן, און...

דער עקסטרעמיסט פון אלע עקסטרעמיסטן, דער עקשן פאר פרינציפן, וולאדימיר זשאבאטינסקי, זאל אמאל האבן געשריבן צו בן־גוריונען, אז אויב ניטא קיין אנדער וועג פאר א יידישער מלוכה, ווי דער סאציאליסטישער, און אויב דער וועג קאן פארקירצן די צייט אויף א דור, איז ער מסכים; אויב דער וועג ד'ארף זיין פון דער ארטאדאקסיע, אבער קיין אנדער וועג איז ניטא, איז מסכים; א יידישיסטישע מדינה? — אויך מסכים, אויב קיין אנדער וועג איז ניטא. אמת, ער וועט איבערלאזן א צוואה, אז ווען די מדינה וועט זיך גוט באפעסטיקן, זאל מען מיט 5 יאר שפעטער דורכפירן א רעוואלוציע... אבער מסכים. ווי קומט אזא ווייכקייט, אזוינע פשרות צו דעם שטאלענעם זשאבאטינסקין? עס קומט פון דעם, וואס די יידישע מדינה איז אים געגאנגען אין לעבן.

לאמיר נאר ארויס מיטן גרויליקן אמת, לאמיר נאר ווייזן די עלטערן, וואס פארא אוצרות מיר גיבן אונדזערע קינדער אין די טאגשולן, אין די ישיבות קטנות, לאמיר נאר זיי איבערצייגן, אז עס גייט אין זין, און אין חן, און אין גליק, און אין פרייד, און אין דעם מנוחת הנפש אין לעבן פון זייערע קינדער, — און יידישע דערציאונג וועט אנהויבן די עלטערן צו גיין אין לעבן! דער געמיט־צושטאנד קאן רירן, מוז רירן, און איך גלויב באמונה שלמה, אז ער וועט רירן בערג...

פונקט אזוי האט זיך מיין הארץ געפרייט, ווען איך האב געלייענט אין דעם „יונייטעד סינאגאג רעוויו", אז זייער טאגשול, אויפן נאמען פון שניאור זלמן שעכטער, אין קווינס (ניו־יארק), האט גלייך ארויסגערופן אזא טאגשול אין פילא־דעלפיע, א דריטע ביי דער מזרח־מידוואוד יידישן צענטער אין ברוקלין; אז שוין פון פריער האבן זיי א טאגשול ביי אנשי אמת בית מדרש אין שיקאגע, ביי בית־אל אין ראקאוויי־פארק, ביי שערי ציון בית מדרש אין מאנטרעאל, און ביי עדת ישראל; אז מיט אנפראגעס האט מען זיך געווענדט פון סקענעקטעדי, דעטרויט, טאראנטא, דזשעקסנסוויל, יוסטאן, טעקסאס; אז עס ווערט געשאפן א ספעציעלע אפטיילונג ביי זייער ארגאניזאציע צו דירעקטירן דעם וואוקס פון די דאזיקע טאגשולן. דער מחבר פון ארטיקל, רבי בן־ציון באקסער, ווייזט אן, אז אין 1935

האָט מען געהאַט נאָר 16 טאָגשולן אין ניו־יאָרק, אין װעלכע עס האָבן זיך גע־לערנט 4,487 קינדער; אין 1955 ציילט מען שוין 102 טאָגשולן, אין װעלכע עס לערנען זיך 25,000 קינדער! מיך אַרט ניט, װאָס דער מחבר פון דעם אַרטיקל שטרייכט אונטער, אַז דער יסוד פון יידישער דערציאונג װעט בלייבן די נאָכמי־טאָגשול, אָבער די, װאָס װעלן זוכן צו געבן זייערע קינדער מער, װעלן... און אַז פון דער טאָגשול װעלן אַרויסקומען פירער, לערער, רבנים. מיר אַרט ניט די הנחה, מיר האָבן שוין פריער גאַנץ ברייט אַרומגערעדט, אַז דאָס איז פעדאַגאָגיש פאַלש. דער פאַקט בלייבט אָבער, אַז די קאָנסערװאַטיװע באַװעגונג האָט זיך פאַרנומען, און מיט אַ פאַרנעם, צו בויען טאָגשולן.

אפילו אין טשילע לערנען זיך שוין אין 1500 קינדער אין זייערע 5 טאָג־שולן און אין דער טאָג־מיטלשול. אויך אין יאָהאַנעסבורג, (אַפריקע) איז שוין פאַראַן אַ טאָגשול מיט 650 קינדער און אַ מיטלשול מיט 165 קינדער...

און עס איז קיין װאונדער ניט, װאָס מען פאַרנעמט זיך צו בויען נייע יידישע דערציאונג־אינסטיטוציעס. מען קאָן די נאָכמיטאָג־שול ניט „פאַרריכטן", מען קאָן זי נאָר פאַרבייטן, פונדאַמענטאַל, בהדרגה, מיט די טאָגשולן.

שרייבט טאַקע יודל מאַרק, אַז „אונדזער יידישע שול (אַלע יידישע נאָכמי־טאָג־שולן און תלמוד־תורהס.—מ. ב.) נייטיקט זיך אין איבעראַריענטאַציע און אין איבעראָרגאַניזירונג. עס איז ניט גענוג צו פּלאַנירן װי אַזוי צוצובויען אַ פליגל צו אַ גרייטן בנין, װי אַזוי צו פאַרריכטן ערגעץ־װאו אַ שפּאַלט אין װאַנט. עס איז נייטיק איבערבוי" (גוט!—מ. ב.)...„עס איז אַ מוז (איר הערט? אַ מוז!—מ.ב) צו װעקן גלויבן, אַז דער איבערבוי איז מעגלעך, אַז מיר האָבן גענוג נשמה־כוחות פאַר אים" (גאָלדענע װערטער!—מ. ב.). און װייטער שרייבט ער: „אַ ברייטער פאַרמעסט, אַ גרויסער פאַרנעם מוז איצט זיין אונדזער דרך. װען מען דאַרף עפּעס װאָס פאַרטינקעװען, איז גענוג אַ טאַנדייטנער בעל מלאכה; מיר אָבער מוזן זיך אַרויפאַרבעטן צו גרויס מייסטערשאַפט, װייל דער מצב פון דער יידישער דערציאונג רופט צו גרונטיקסטן איבערבוי". „און אפשר איז איבערבוי — שרייבט ער, — אויך ניט דאָס ריכטיקע װאָרט, אפשר איז פּאַסיקער „פון־דאָס־ניי־בוי". „בכל אופן הילכט אַזוי דער רוף, װאָס שרייט אַרויס פון די אָרעמע און נעבעכדיקע שולכעלעך אין די פאַראייניקטע שטאַטן".

איר װייסט דאָך פון דעם ליד: „אַז איר װעט קינדער עלטערן װערן, װעט איר אַליין פאַרשטיין, װיפל אין די אותיות ליגן טרערן און װיפל געװיין". נו, קאָנט איר דאָס ליד מיט רעכט פאַראַפראַזירן, אַז װיפל אין די װערטער ליגן טרערן און געװיין און בלוט!!! דאָס שרייבט פאַר אייך דער רעדאַקטאָר פון „פעדאַגאָגישן בולעטין", יודל מאַרק, װאָס באַגעגנט זיך טאָגטעגלעך מיט לערער, װאָס באַזוכט טאָגטעגלעך יידישע דערציאונג־אינסטיטוציעס, — דאָס איז ער, װאָס קלאָגט, אַז „עס פאַלן די סטאַנדאַרטן, און די פּעולות, עס פאַרקלענערן זיך די השגות, עס װערן איינשרומפּן די פּראָגראַמען". װער־װער, יודל מאַרק זעט דעם גרויליקן מצב יעדן טאָג. און װער פון אונדזערע לערער און שול־פאַרװאַלטערס זעען אים

ניט? מען האָט אָבער מורא איינצושטעלן. וואָס איינצושטעלן? אָבער אַזוי איז עס לײדער...

און עס ווערט ערגער פון טאָג צו טאָג, און עס הייבט אָן צו ווערן שפּעט. מיר קאָנען און מיר דאַרפן און מיר מוזן (און „אויב איר ווילט איז עס ניט קיין חלום"...), מיר קאָנען און מיר דאַרפן און מיר מוזן אויפשטורעמען, אויפציטערן אונדזערע טאַטעס און מאַמעס אַזוי, אַז ייִדישע דערציִאונג זאָל זיי גײן אין לעבן, וועלן זיי קומען צו דער טאָגשול.

יאָ, מיט ניט קיין סך יאָרן צוריק, ווען די ייִדישע היים איז געווען אַ ייִדיש־רעדנדיקע; ווען אויף די ווענט האָט מען נאָך געזען ייִדישע בילדער, און אין די אַלמערס, צי אויף די פּאָליצעס — ייִדישע ביכער; ווען מען האָט נאָך, אין דער לענג און אין דער ברייט, געלייענט ייִדישע צייטונגען און מען איז מיט פרייד געגאַנגען הערן אַ ייִדישע לעקציע; ווען מען פלעגט זיך קוים דערוואַרטן דעם טאָג פון אַ ייִדישן קאָנצערט, פון אַ ייִדישער פאָרשטעלונג; ווען די, וואָס פלעגן אַליין ניט לייענען קיין ייִדישן בוך, פלעגן זיך אָנשליסן אין אַ לייען־קרייז; ווען מען פלעגט מיט התלהבות, מיט ברען זינגען ייִדישע לידער ביי משפּחה־פאַרוויילונגען; ווען מען פלעגט, ביים טרעפן זיך אין פּריוואַטע הייזער, פירן שמועסן איבער ליטעראַטור, איבער אַ לעקציע, אַ קאָנצערט, אַ פאָרשטעלונג, איבער אַ ייִדישן שרייבער, איבער פּאָליטיק, ניט שפּילן אין קאָרטן, אָדער זיצן, ווי שטומע, ביי די טעלעוויזיעס; ווען די שמועסן איבער ליטעראַטור, איבער פּאָליטיק, וועגן פּראָבלעמען פון מענטש, וועלט און ייִד פלעגן זיך צעפלאַקערן אין „אמתע שרפות", ווייל דאָס אַלץ איז געגאַנגען אין לעבן; ווען דערוואַקסענע קינדער פלעגן זיך מיט גוואַלדיקן אינטערעס צוהערן צו די דאָזיקע שמועסן, און אפילו אָפּטמאָל אָנטייל נעמען אין זיי; ווען אַ ייִדישער יום טוב האָט זיך אָנגעזען אין שטוב; ווען עלטערן פלעגן מיט הארץ, בלב ונפש קאָאָפּערירן מיט דער שול; ווען אין דער היים און אין דער שול האָט געהערשט דער זעלביקער גייסט; ווען ייִדישע דערציִאונג איז געגאַנגען אין לעבן; ווען דאָס קינד האָט געלערנט אין שול, זיך געשפּילט אין שול, זיך אויסגעלעבט געזעלשאַפטלעך אין שול; ווען אַלע, אַלע קינדער, ספּעציעל אין דער פּראָווינץ, זיינען געגאַנגען אין שול (ווי דען אַנדערש?); ווען מען האָט יוצאים מן הכלל געזען זייער וויייניק, כמעט ניט געטראָפן, און לכן איז דער באַזוך פון די קינדער געווען אַ רעגולערער, יעדן טאָג, און מיט חשק איז דאָס קינד געגאַנגען אין שול, — אַט דעמאָלט האָט די נאָכמיטאָג־שול דער־גאַנצט די היים, אַט דעמאָלט האָט די נאָכמיטאָג־שול געקאָנט געבן אַ ייִדישן קינד ייִדישע דערציִאונג.

אָבער היינט? היינט?...

און דאָך... אני מאמין באמונה שלמה בביאת המשיח; ואף על פי שיתמהמה, עם כל זה אני מאמין; גלייב איך, אַז מירן זיך אַרויסבאַקומען פון אונדזערע בלאָנדזשענישן... שוין געווען ביי אונדז שווערע צייטן, אמת, ניט אַזוינע גע־פערלעכע, ניט אַזוי אָנגעלאָדענע מיט דינאַמיט, ווי היינט, אָבער געווען זייער

שווערע צייטן. געווען צייטן פון פאַרצווייפלונג, צייט פול מיט שרעק, ווען דער־שלאָגענע מאַסן זיינען געקומען צו יחזקאלן אין בבל און געפרעגט: אפשר... נהיה כגוים כמשפחות הארצות לשרת עץ ואבן, — אפשר זאָלן מיר ווערן אָט ווי אַנדערע פעלקער, דינען זייערע געטער, הייסט עס... האָט זיי יחזקאל דאַן דערציילט פון די פאַרטריקנטע ביינער, וואָס האָבן זיך גענומען באַציען מיט פלייש און בלוט, און רוח החיים איז אין זיי אַריין.

מיר זיינען נאָך גיט קיין „אויסגעטריקנטע ביינער", מיר האָבן נאָך אין זיך גענוג „זאַפט", גענוג כוחות!

זאָגט מיר ניט, אַז ניטאָ קיין כוחות. מיר, יידן, זיינען אומבאַגרענעצט אין אונדזער שטייגן, אומבאַגרענעצט אין אונדזערע כוחות. גאַנץ רוסלאַנד האָט אַמאָל אונטערן צאַר געהאַט 11 אוניווערזיטעטן, אָבער מיר, יידן, די אָרעמסטע פון די אָרעמע, האָבן אויסגעהאַלטן ישיבות (אוניווערזיטעטן) אין מיר, אין קלעצק, ראַדון, קאַמענעץ, וואָלאָזשין, באַראַנאָוויטש, גראָדנע, בריסק, פּינסק, קאָברין, לאָמזשע; ביאַליסטאָק, סלאָנים, מעזריטש, — דאָס נאָר אין מזרח־קרעסן פון פּוילן. וואָס איז וועגן דער נעץ ליובאַוויטשער ישיבות אונטערן נאָמען „תומכי תמימים"? און דער ישיבה אין באַבאוו (גאַליציע), פון די וואַרשעווער ישיבות, ווי „תורת חיים", „בית שמואל", און די „מתיבא", וואָס האָט געציילט 400 תלמידים? און וואו איז „ישיבת חכמי לובלין", און די סלאַבאָדקער, טעלזער ישיבות?... (איך נעם עס אַלץ פון ד"ר יצחק לעווינס בוך „חורבן אייראָפּע"). אַלץ? איז דען מעגלעך אַלץ אויסצורעכענען? אין יעדער שטאָט איז געווען אַ ישיבה. און וואָס איז מכוח די „יבנה"־און „תרבות"־שולן, און די ציש"אָ־שולן, און די פאָלקס־אוניווערזי־טעטן... און ווער האָט עס אַלץ געבויט? מיר, די אָרעמע יידן. און וואָס איז מכוח די גייסטיקע צענטערס, וואו מען האָט געהערט דברי אלקים חיים? יעדער חסידי־שער רבי האָט געשאַפן אַרום זיך אַ צענטער, איז געווען אַ אינסטיטוציע. גענוג צו דערמאָנען די רביים פון גער, אַלעקסאַנדער, סאָכאַטשאָוו, גראָדזיסק, ראַדאָמסק, סטריקאָוו, סאָקאָלאָוו, אָסטראָווצע, פּאַריסאָוו, ראַדזין, ראַדזימין, לובאַוויטש, אמשינאָוו, נאָוואָמינסק, מאָדזיץ, סלאָנים, קאָזעניץ, לובלין, זיכלין, פּילץ, יאַבלאָנע; סטאָלין, פּיאַסעטשנע, טשאָרטקאָוו, באָבאָוו, באיאַן, הושיאַטין, סאַדעגורע, סאַנץ, דזיקאָוו, סטוטשין, אטיניע, קאָסאָוו, זמיגראָד, בלאַזאָוו, ריבאַטשיטש, ריישא, זידאַטשאָוו, סאַמבאָר, סאַסעוו, קאָמאַרנע, קאָפּיטשיניץ (פון ד"ר יצחק לעווינס בוך חורבן אייראָפּע)... גיט צו דעם צו, אַז אין יעדן שטעטל, אין קלענסטן, זיינען געווען ציוניסטישע, בונדיסטישע, פּועלי־ציוניסטישע קלובן, אָוונטקורסן, האָט מען אָרגאַנזירט לעקציעס, געשפּילט טעאַטער, אָרגאַניזירט כאָרן...

און זאָל זיין גענוג... קאָנט איר זיך איצט פאָרשטעלן, אויף וואָס פאַרא בית עולם פון גייסט מיר יידן לעבן דאָ?

און... וועט איר נאָך איצט שטאַרק צווייפלען, צי מען קאָן?

הרב ד"ר מרדכי נוראָק דערציילט פון אַ גרויסן קינסטלער, אַ מאָלער, וואָס פלעגט מאָלן זעלטענע בילדער מיט די שענסטע פאַרבן. אַז מען פלעגט אים

פרעגן, וואו ער נעמט די פאַרבן, ווי ער שאַפט זיי, פלעגט ער ענטפערן בלויז מיט אַ טרויעריקן שמייכל. אַז דער מאָלער איז געשטאָרבן, האָט מען זיך אַ לאָז געטאָן אין זיין אַטעליע, אַרומגעזוכט אין אַלע ווינקעלעך, אָבער ניט געפונען קיין שפור, וואו ער פלעגט נעמען, און ווי ער פלעגט שאַפן אַזוינע וואונדערלעכע פאַרבן. בעת מען האָט אים מטהר געווען, אַרומגעוואשן דעם קערפער, האָט מען אויף זיין האַרצן אַ טיפע וואונד געפונען; עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער פלעגט מישן די פאַרב מיט בלוט פון זיין האַרצן... (איך האָב דעם זעלביקן ביישפיל געפונען אין בוך פון הרב ד"ר הערי עפשטיין (אַטלאַנטאַ, דזשאָרדזשיאַ).

מיט בלוט פון אייערע הערצער האַלט איר, לערער-מאַרטירער, שול-פאַר-וואַלטערס און פאַרוואַלטערינס, אויף אונדזערע נאָכמיטאָג-שולן. צייט אויסצו-שרייען אייער אוי, אַז אונדזער יידישע וועלט זאָל אַ ציטער טאָן... עס ווערט שפעט, עס איז שוין איצט אפשר שפעטער, ווי מיר ווילן זיך איינרעדן.

...אַ שאָד, וואָס עס איז ביז איצט ניט געשאַפן געוואָרן קיין גרויס ווערק פאַר אונדזערע קינדער וועגן אליהו הנביא. פון דערציערישן שטאַנדפונקט וואָלט אַזאַ ווערק געווען אַ גרויסער אוצר. איך ווייס ניט פון נאָך עמעצן, אַרום וועלכן דאָס פאָלק זאָל האָבן אויסגעוועבט אַזוי פיל לעגענדעס, ווי אַרום אליהו הנביא. אַ שאָד, וואָס מיר איז ניט געלונגען אויסצוגעפינען די סיבה פון דעם. אין די לעגענדעס אַרום אליהון האָט דאָס פאָלק אַריינגעגעבן דעם גאַנצן הימל אונדזערן. אין די דאָזיקע לעגענדעס שפּיגלט זיך אָפּ אַלץ, וואָס אונדז, יידן, איז ליב און טייער און הייליק; דעם גאַנצן תוך פון אונדזער תורה, פון אַלע געבאָטן פון בין אדם לחברו און בין אדם למקום, געפינען מיר אין די מעשים, וואָס ווערן צוגע-שריבן דעם באַליבטן נביא אליהון. אַ ווערק אַרום אָט די אַלע לעגענדעס וואָלט פאַרכאַפּט די פאַנטאַזיע פון אונדזערע קינדער און זיי משפיע געווען לטובה ולברכה. אויב צו ישעיהון, עמוסן, מיכהן, יחזקאלן און צו די אַנדערע נביאים הערט מען זיך צו; אויב מען מען קוקט אויף זיי אַרויף מיט יראת הכבוד; אויב מען איז מקבל באהבה זייערע שטראָף-רייד; אויב מען זוכט צו פאָלגן זייער רוף פון רחצו הזכו הסירו רע מעלליכם מנגד עיני חדלו הרע, למדו היטיב דרשו משפט אשרו חמוץ שפטו יתום ריבו אלמנה (וואשט אייך, רייניקט אייך, טוט אָפּ אייערע שלעכטע מעשים פון קעגן מיינע אויגן, הערט אויף שלעכטס טאָן; לערנט גוטס טאָן, זוכט גערעכטיקייט, שטאַרקט דעם געדריקטן, טוט רעכט דעם יתום, נעמט זיך אָן פאַר דער אלמנה. — יהואשס איבערזעצונג); אויב מיר קוקן אַרויס מיט פרייד און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אויף דעם והיה באחרית הימים, אויף דער צייט פון שלום און יושר, אויף אַ וועלט פון ברודערשאַפט און קדושה, פאָרויסגעזאָגט אונדז, אין נאָמען פון גאָט, — קוקן מיר זיך אָבער מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם צו צו די מעשים פון דעם גוטינקן, האַרציקן צאַרטן, שטילן, ווי אַ טויב, צו דעם פּאָ-טערלעכן אליהון, וואָס די מעשים זיינע לערנען אונדז און ווייזן אונדז, ווי דער מענטש דאַרף און קאָן — זיך און דער וועלט לטובה — לעבן, ווי מען קאָן מקבל זיין פראַקטיש די געבאָטן פון הקדוש ברוך הוא.

איר געפינט אין די לעגענדעס אַרום אליהון אַזוי פיל גרייטקייט, אַזוי פיל זאָרג פאַרן נאָענטן און ווייטן, אַזוי פיל ליבשאַפט, אַזוי פיל מסירת נפש, אַזוי פיל טרייסט און בטחון, — אַז איר ווערט אָנגעפילט מיט טיפסטער ליבשאַפט צו אים. און טאַקע: ווי וואונדערלעך איז זיין דערשיינען אין דער ריכטיקער צייט, ווען מען נייטיקט זיך אין הילף, זיין תמיד זוכן, ווי מיט ליכט, צו טרייסטן, צו מוטיקן, צו פאַרטיידיקן, צו איינלייגן וועלטן פאַר דעם אָדער יענעם.

איר ווייסט, אַז ער וועט עס ברענגען משיחן, אַז ער קומט עס צו יעדן ברית און זיצט לעבן סנדק, — ער זיצט דאָרטן, ווי אַן אָנדייטונג, אַז „אַזוי ווי איך, קינד, דאַרפסטו און דו קאָנסט לעבן"; אַז דו וועסט פון דעם האָבן העכסטע פרייד, וויל פון טאָן גוטס אַ צווייטן, פון ליב האָבן אַ צווייטן האָט מען אַ סך מער פרייד, ווי פון געליבט צו זיין; אַז דער, וואָס טוט גוטס, האָט פון דעם אַ סך מער פרייד, ווי דער מקבל פון דעם גוטס. איר ווייסט אויך פון די לעגענדעס, אַז ער וועט עס אַמאָל אויפקלערן אַלע שווערע פאַר אונדז, ניט קלאָרע שטעלן אין דער תורה; אַז ער איז דער אייביקער וואַנדערער, וואָס באַווייזט זיך פאַר אַלע ליידנדיקע דערשלאָגענע, פאַרצווייפלטע אין די סכנהדיקסטע מאָמענטן. ער איז עס, וואָס ווייזט אָן, אַז דווקא דער תפיסה־וועכטער גאָר, אַז דווקא ער, וואָס היט אָפּ די ריינקייט און הייליקייט אין תפיסה, דווקא ער, וואָס באַהאַלט גאָר פאַר אַלעמען זיין יידישן אָפּשטאַם, כדי מען זאָל זיך פאַר אים ניט היטן, אין פאַל ווען עמעצער זאָל זוכן צו טאָן שלעכטס יידן, — ער זאָל אין אַן עת צרה, אין אַ סכנה וואָרענען די יידן, איז זיכער מיט זיין עולם הבא; און דווקא דער „פריילעך־מאַ־כער", וואָס נאָר ער זוכט באַזאָרגטע, געבויגענע, דערשלאָגענע יידן, מאַכט ער זיי פריילעך, העלפט ער זיי זיך אַרויסצורייסן פון עצבות, אַז וואו נאָר עס ברעכט אויס אַ מחלוקה לויפט ער גיך שלום צו מאַכן צווישן די צדדים, — אַז אָט די צוויי זיינען, הייסט עס, זיכער מיט זייער עולם הבא. אליהו הנביא וויל דאָ, משמעות, ווייזן, מען זאָל ניט זוכן צו טאָן גרויסע, גוואַלדיק גרויסע מעשים, אַז אין אָט די קליינינקע, פון אויבן אויף, מעשים איז פאַראַן אַ סך קדושה. דאָס איז ווידער־אַמאָל אליהו הנביא, וואָס האָט אויף זיינע פּלייצעס שטילינקערהייט אַרויסגעטראָגן פון תפיסה, ווען די שומרים זיינען געשלאָפן, רבי עקיבאס קערפּער, ער זאָל אים קאָ־נען ברענגען צו קבר ישראל; דאָס איז ער געוועזן, וואָס אויף זיין רוף, אויף זיין קול דממה דקה, האָט זיך דער אייבערשטער אָפּגערופן אויפן הר כרמל, — ניט אויף די געשרייען פון די פאַלשע נביאים; דאָס איז ער געלאָפן צו אברהם, צו יצחק און צו יעקב מיט דער טענה, וואָס שווייגן זיי, — דער חלף איז דאָך שוין אין האַנט פון המנען; ער לויפט פון זיי צו משה רבינו, וואָס האָט ניט איין מאָל אָפּגע־שריען דעם אייבערשטנס גזירות, ער זאָל זיך דאָ מיען, ער זאָל העלפן; משה פרעגט אים, צי איז אויף דער וועלט דאָ אַ געטלעכער ייד; אליהו ווייזט אָן אויף מרדכין; הייסט ער, מרדכי זאָל טאָן תפילה, און ער וועט טאָן תפילה אין הימל, — און די יידן ווערן געראַטעוועט. דאָס איז אליהו, וואָס האָט אחאבן אין פּנים געשליידערט דעם רצחת וגם ירשת — דו האָסט דערמאָרדעט און געירשנט... דאָס איז ער,

דער באַליבטער אומעטומיקער האַרציקער אליהו, וואָס יעדע יידישע היים עפנט די טיר פאַר אים ביים סדר, וואָס פאַר אים, דעם האַרציקן, ווערט אָנגעגרייט דער כוס ביים סדר.

יעדע לעגענדע איז אַ קונסטווערק, יעדע לעגענדע אָטעמט מיט קדושה. איך געדענק, ווי היינט וואָלט עס געווען, איך געדענק און זע פאַר מיינע אויגן די באַגייסטערע, פון פרייד און הנאה צעפלאַמטע פנימלעך פון די קינדערלעך, ווען איך פלעג זיך אַריינלאָזן אין דערציילן די לעגענדעס אַרום אליהו הנביא; איך זע זיי נאָך היינט פאַר מיינע אויגן, זיי, די גליקלעכע. איך זע זיי — און זיך? זיך זע איך אַ דערשלאָגענעם, אַ פאַרצווייפלטן נאָכן דערציילן, מחמת וויפל האַרץ איך פלעג אַריינלייגן אין דער אָדער יענער לעגענדע, האָב איך געפילט, ווי אַנדערש, ווי שענער וואָלט עס געווען, און ווי טיפער משפיע וואָלט עס געווען, ווען איך לייען די אָדער יענע לעגענדע אין אַ ווערק איבער אליהו הנביא, געשאַפן פון אַ גאָט-געבענטשטן קינסטלער.

איך געדענק, וואָס פאַרא רושם עס האָט געמאַכט אויף די קינדער פון אַ מיטלשול-קלאַס, ווען איך האָב זיי פאָרגעלייענט פון ה. לייוויקס „גולם" דעם מהר"לס טענות צום אַלטן בעטלער (אליהו הנביא, אַזוי האַלט מען.—מ. ב), אַז ער, וואָס האָט דאָ געבראַכט משיחן צו פרי, זאָל ניט דערציילן פון פינצטערניש און ניט וועקן קיין רחמנות (אליהו, בעט זיך, ניט צו טרייבן צוריק, ער פאַרשטייט אָבער, אַז ניט גרינג איז דעם מהר"ל אַזוי צו האַנדלען; ער פאַרשטייט, אַז דער מהר"ל טוט עס אַזוי, מחמת ער האַלט, אַז זיי זיינען צו פרי געקומען, די וועלט איז נאָך ניט גרייט, און ניט ראוי אויפצונעמען משיחן; אָבער ער, אליהו, קאָן שווין ניט אַריבערטראָגן די פינצטערניש, די רציחות אויף דער וועלט).

אליהו, הייסט עס, קאָן ניט צוזען דעם חושך אויף דער וועלט און בעט רחמים. דער מהר"ל פאַרשטייט דעם צער פון אליהון, ער פאַרשטייט, אַז אליהו מיט זיין צאַרטער געפילפולער נשמה, מיט זיין טיפסטן מיטגעפיל, קאָן עס מער ניט אַרי־בערטראָגן, זיין האַרץ ווערט צעריסן פון רחמנות, נו קומט ער מיט משיחן, ניט צום ערשטן מאָל רייסט ער בערג צו העלפן. דער מהר"ל פאַרשטייט עס — ער איז אָבער אַ היגער, אַ דאָ-וועלטיקער, ער ווייס דעם מצב הרוח פון דער וועלט, פון דער מענטשהייט. און ער מאָלט די וועלט און די מענטשהייט פאַר אליהון. ער ווייזט אים, אַז ווי וואָלט געווען צו אים, ווען ער פאַרטרייבט פון זיך די האַרטקייט, און עפנט זיין האַרץ פאַר אליהוס רחמים; די צייט איז אָבער נאָך ניט רייף פאַר משיחן. „מיט אונדזער פחד סם אים ניט דאָס האַרץ... ער מוז אַוועק. ער טאָר זיך ניט געפינען אין אונדזער גבול", — טענהט דער מהר"ל. „צי קאָן ער זיינע פינגער צונויפקלאַמערן אין פויסטן אייזערנע, און שלאָגן מיט רציחה איבער קעפּ? צי קאָן ער גאָר דעם גערוך פון בלוט פאַרליידן?"... און ווייטער: „ער קאָן ניט; אויב ער וויל עס קאָנען — וויל איך ניט... און ווי ווערט זיין צו אים, אויב ער וויל קומען, זיך איינשטעלן פאַר אונדז מיט גוואַלד... דערשטיקן זאָל ער טיף זיין בענקעניש"... מיר האָבן דאָ ניט רייד פון אליהון, מיר שטויסן זיך אָבער אָן, פון

די רייד פון מהר"ל, וואָס זיינען געווען די האַרצרייסנדיקע בקשות פון אליהון.

ה. לייוויק האָט זיך דאָ נאָר צוגערירט צו אליהוס גייסט — און זעט, וואָס פאַרא הויכער הימל עס עפנט זיך דאָ פאַר אונדז! אַזוי אַז אַ שאָד, אַ שאָד, וואָס מיר האָבן נאָך ניט קיין גרויס ווערק איבער אליהון. און פאַרוואָס ניט איבער שרה בת טובים?

ברענגען ברענג איך דאָ צום סוף אליהון צוליב מלאכיס נבואה, אַז אויב טאַקע אליהון, אין וועמענס מעשים עס איז פאַרקערפּערט די העכסטע קדושה, דאָס פּראַקטיש אויספאָלגן די געבאָטן פון דער תורה, — אויב אים איז צוגע־טיילט דער כבוד אַריינצוברענגען, צו עפענען די משיח־תקופה, וועט ער, — זאָגט אין נאָמען פון גאָט מלאכי, — פריער פאַר אַלץ אומקערן די הערצער פון די עלטערן צו די קינדער און די הערצער פון די קינדער צו די עלטערן; והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם... כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס צום ערשטן דאַרף עס זיין די הערצער פון די עלטערן צו די קינדער, און ערשט דערנאָך די הערצער פון די קינדער צו די עלטערן.

יאָ, מיין טיפסטע איבערצייגונג איז, אַז (פריער געציילטע, שפּעטער מער ווי געציילטע) עלטערן וועלן אומקערן זייערע הערצער צו זייערע קינדער, ווען מען וועט בלאָזן שופר, שאַלן תרועה, ווי אַמאָל ביי גרויסע סכנות; ווען מען וועט אַרויסקומען מיטן גרויליקן מצב פון אונדזער יידישער דערציאונג; ווען מען וועט אַרויסקומען מיטן וויי, אַז מען האַלט עס מער ניט אויס; ווען מען וועט אויפוועקן, אויפטרייסלען, אויפשטורעמען, אויפציטערן אונדזערע עלטערן... און מען קאָן עס!... אונדזערע יידישע עלטערן האָבן תמיד געהאַט אַ שוואַכקייט אָן גרענעצן צו ציטערן פאַרן מאָרגן פון זייערע קינדער; אונדזערע יידישע עלטערן האָבן אין אַלע דורות אַרויסגעוויזן אומבאַגרענעצטע ליבשאַפט צו זייערע קינדער. אין אונד־זערע יידישע עלטערן איז פאַראַן גוטער אויל, — מען דאַרף נאָר דעם פונק, און אויפהערן וועלן עלטערן זיך צו פאַרלאָזן אויף דינסטן, אויף זיצערקעס און אפילו אויף טאָגשולן; זיי וועלן אויפהערן זיך צו יאָגן נאָך אויסערלעכע פריידן אין לעבן, פריידן און פאַרגעניגנס, וואָס צערן נאָר אויס דאָס געזונט. זיי וועלן ווידער אָנ־הייבן אַליין מקיים צו זיין דעם ושננתם לבניך ודברת בם.

אַליין, יאָ, אַליין זיך נעמען דורך מעשים בכל יום, דורכן לעבנס־נוסח דערציען און העלפן דערציאונג־אינסטיטוציעס, אויך מיטן גאַנצן האַרצן, אָט ווי אין אַלע צייטן, און ווי מיט אַ דור, צוויי צוריק. רעדט מיט עלטערן און איר דער־פילט, אַז מען לעכצט נאָך אַ גרויס וואָרט, נאָכן רוף, וואָס מוז קומען.

דער אייבערשטער, דער געניאַלסטער פּעדאַגאָג, ער האָט דאָ זיכער אַ טיפע כוונה ניט סתם, עלטערן זאָלן סתם אָנהייבן צוריק ליב צו האָבן זייערע קינדער, און קינדער זייערע עלטערן; ניט נאָר אין דעם גייט עס אים. עס גייט אים אין דעם, וואָס ליבע פון קינדער צו זייערע עלטערן איז די בריק, וואָס פירט די קינדער פון ליבע צו די עלטערן ליב צו האָבן אַלץ, וואָס איז טייער און ליב און

הייליק די עלטערן, — פונקט ווי עכטע אהבת שמים פירט ליב צו האָבן אַלץ, וואָס דעם אייבערשטן איז ליב.

און... די בריק גייט אונדז אין לעבן, ניט נאָר לשם פאָלק, ניט נאָר לשם אמונה, לשם המשך, קיום, נאָר מער פאַר אַלץ לשם יעדן קינד, לשם יעדן יחיד.

יעדער יחיד גייט אונדז דאָ אין לעבן, ווייל אַ געזונטער „וואַלד" באַשטייט פון געזונטע איינצלנע „ביימער".

Este folleto se terminó de imprimir el dia 9 de diciembre de 1958 en los talleres de "Imprenta Moderna" - Manuel Pintel - Dr. Garciadiego 28 México, D. F.